ק. מארקס און פ. ענגעלס

---

# מאניפעסט

פון דער

# קאָמוניסטישער פארטיי



אלס גרונט פאר דער דאָזיקער אויסגאבע פונעם „מאני־פעסט פון דער קאָמוניסטישער פארטיי" האָט די רעדאקציע גע־נומען דעם טעקסט פון דער דייטשישער אויסגאבע פון 1848 יאָר. אלע ענדערונגען, וואָס זיינען אריינגעטראָגן געוואָרן אין די וויטערדיקע דייטשישע אויסגאבעס, ווי אויך די צוגאָבן, וואָס ענגעלס האָט געמאכט אין דער ענגלישער אויסגאבע, זיי־נען געבראכט געוואָרן אין די רעדאקציאָנעלע פוסנאָטעס. צום טעקסט זיינען צוגעגעבן געוואָרן ענגעלסעס אָנמערקונגען, וואָס ער האָט געמאכט פאר דער ענגלישער אויסגאבע פון 1888 יאָר און פאר דער דייטשישער אויסגאבע פון 1890 יאָר *.

מארקס — ענגעלס — לענין-אינסטיטוט ביים צק אלקפ(ב)

---

* מיר לאָזן דורך דעם סוף פון דער פאָררעדע פון „אימעל" צו דער רוס. אויסג., וואו עס ווערט גערעדט ספּעציעל וועגן דער רוסישער איבערזעצונג פון דער איצטיקער אויסגאבע פונעם „מאניפעסט".

רעד. פון דער יִד. אויסג.

# פאָרוואָרט צו דער דײַטשישער אויסגאבע
# פון 1872 יאָר

דער „בונד פון קאָמוניסטן“ — אן אינטערנאציאָנאלע אר־בעטער־אָרגאניזאציע, וועלכע האָט בײַ די דעמלטיקע באדינ־גונגען, פארשטייט זיך, געקאָנט זײַן נאָר א געהיימע — האָט אויפן לאָנדאָנער קאָנגרעס אין נאָוועמבער 1847 יאָר באאויפ־טראָגט די אונטן געחתמעטע צונויפצושטעלן אן אויספירלעכע טעאָרעטישע און פראקטישע פארטיי־פראָגראם אויף פארעפנט־לעכן זי. אזוי איז אנטשטאנען דער פאָלגנדיקער „מאניפעסט“, וואָס דער מאנוסקריפט זײַנער איז עטלעכע וואָכן פאר דער פעברואר־רעוואָלוציע * אוועקגעשיקט געוואָרן צו דרוקן קיין לאָנדאָן. פארעפנטלעכט צוערשט אין דײַטש, איז דער „מאני־פעסט“ אין דער דאָזיקער שפראך אָפּגעדרוקט געוואָרן ווײַ־ניקסטנס אין צוועלף פארשיידענע אויסגאבעס אין דײַטשלאנד, ענגלאנד און אמעריקע. אין ענגליש איז ער צום ערשטן מאָל דערשינען אין 1850 יאָר אין לאָנדאָן אין „Red Republican“

* עס רעדט זיך וועגן דער פעברואר־רעוואָלוציע פון 1848 י. אין פראנקרײַך. ר ע ד.

איבערגעזעצט פון מיס העלען מאַקפארליין, און אין 1871 יאָר איז ער דערשינען אין אמעריקע, ווייניקסטנס אין דריי פאַר־שיידענע איבערזעצונגען. אין פראנצויזיש איז ער דערשינען צום ערשטן מאָל אין פאריזש, ניט לאנג פאר דעם יוני־אויפ־שטאנד פון 1848 יאָר, און גאָר ניט לאנג — אין ניו־יאָרקער »Le Socialiste«. עס ווערט געגרייט א נייע איבערזעצונג. אין פויליש איז ער פארעפנטלעכט געוואָרן אין לאָנדאָן אינגיכן נאָך דער ערשטער דייטשישער אויסגאבע. אין רוסיש איז ער דערשינען אין די זעכציקער יאָרן אין זשענעווע. אויף דעניש איז ער אויך איבערגעזעצט געוואָרן גלייך נאָך זיין דערשיינען.

ווי שטארק עס זאָלן זיך ניט האָבן געענדערט די פארהעל־טענישן אין משך פון די לעצטע 25 יאָר, פארבלייבן דאָך די אלגעמיינע גרונט־הנחות, וואָס זיינען אנטוויקלט אין דעם דאָ־זיקן „מאניפעסט", אין אלגעמיין און אינגאנצן געצומען פאל־קום ריכטיק אויך איצט. אין איינצלנע שטעלן וואָלט מען גע־דארפט אריינטראָגן געוויסע אויסבעסערונגען. די פראקטישע אָנווענדונג פון די דאָזיקע גרונט־הנחות, ווי עס דערקלערט דער „מאניפעסט" גופא, וועט שטענדיק און אומעטום זיין אָפּהענ־גיק פון די פאראנענע היסטאָרישע באדינגונגען, און דעריבער דארף מען כלל ניט איבערטרייבן די באדייטונג פון די רעוואָ־לוציאָנערע מאָסמיטלען, וועלכע זיינען פאָרגעלייגט געוואָרן אי־נעם סוף פון צווייטן אָפּטייל. די דאָזיקע שטעל וואָלט איצט אין א סך הינזיכטן געדארפט אנדערש פאָרמולירט ווערן. מחמת דער אומגעהייערער אנטוויקלונג פון דער גרויס־אינדוסטריע אין משך פון די לעצטע 25 יאָר, וואָס צוזאמען מיט איר אנטוויקלט זיך אויך די פארטיי־אָרגאניזאציע פונעם ארבעטער־קלאס, מחמת דער פראקטישער דערפארונג — פריער פון דער פעברואר־רע־

וואָלוציע און שפּעטער, נאָך אין א סך א גרעסערער מאָס, פון דער פאריזשער קאָמונע, ווען דער פּראָלעטאריאט האָט צום ערשטן מאָל אין משך פון צוויי חדשים געהאלטן אין זײַנע הענט די פּאָליטישע מאכט, — איז איצט די דאָזיקע פּראָגראם ער־טערווײַז פארעלטערט געוואָרן. באזונדערס האָט די קאָמונע דער־וויזן, אז „דער ארבעטער־קלאס קאָן ניט פּשוט איבערנעמען די פארטיקע מלוכה־מאשין און לאָזן זי אין גאנג צוליב זײַנע אייגענע צילן" (זע „Der Bürgerkrieg in Frankreich, Adresse des Generalrats der Internationalen Arbeiterassoziation", deutsche Ausgabe. S, 19, וואו דער דאָזיקער געדאנק איז ברייטער אנטוויקלט*). ווײַטער, איז זעלבסטפארשטענדלעך, אז די קריטיק פון דער סאָציאליסטישער ליטעראטור איז פאר דער איצטיקער צײַט ניט גענוג פול, ווײַל זי דערגייט בלויז ביזן 1847 יאָר; פונקט אזוי איז פארשטענדלעך, אז די באמערקונגען וועגן דער שטעלונג פון די קאָמוניסטן צו די פארשיידענע אָפּאָ־זיציאָנעלע פארטייען (אָפּטייל IV), וואָס כאָטש אין די גרונט־שטריכן זײַנען זיי נאָך ריכטיק אויך איצט, זײַנען זיי דאָך אין באזונדערע פּרטים זייערע פארעלטערט שוין דערפאר, ווײַל די פּאָליטישע לאגע האָט זיך אינגאנצן געענדערט און די היסטאָ־רישע אנטוויקלונג האָט אָפּגעמעקט פון דער וועלט דעם גרעסטן טייל פארטייען, וואָס זײַנען דאָרט אויסגערעכנט.

דער „מאניפעסט" איז אָבער א היסטאָרישער דאָקומענט, און מיר נעמען זיך ניט דאָס רעכט עפּעס צו ענדערן אין אים. צו א שפּעטערדיקער אויסגאבע וועט אפשר צוגעגעבן ווערן אן ארײַנפיר וועגן דעם צײַט־אָפּשניט פון 1847 יאָר ביז איצט; די

* זע ק. מארקס. „דער בירגער־קריג אין פראנקרײַך. אויפרוף פונעם גענעראל־ראט פון דער אינטערנאציאָנאלער ארבעטער־אסאָציאציע". ק. מארקס און פ. ענגעלס, ווערק, ב. XIII, ט. II (רוסיש), ז. 310 און ווײַטער. רעד.

איצטיקע אויסגאבע איז געקומען צו אומדערווארט פאר אונדז, און מיר האָבן ניט געהאט דערויף די נייטיקע צייט.

קארל מארקס. פרידריך ענגעלס

לאָנדאָן, 24 יוני 1872 י.

## פאָרוואָרט צו דער רוסישער אויסגאבע פון 1882 יאָר

---

די ערשטע רוסישע אויסגאבע פונעם „מאניפעסט פון דער קאָמוניסטישער פארטיי" אין באקונינס איבערזעצונג איז דערשינען אָנהייב זעכציקער יאָרן * אין דער דרוקעריי פונעם „קאָלאָקאָל". אין מערב האָט זי (די רוסישע אויסגאבע פונעם „מאניפעסט") אין יענע יאָרן געקאָנט אויסזען בלויז ווי א ליטעראַרישער קוריאָז. ביי היינטיקן טאָג וואָלט שוין אזא שטאנדפונקט אוממעגלעך געווען.

ווי באגרענעצט עס איז נאָך דאן (אין דעצעמבער 1847 יאָר) געווען דער געביט, וועלכן עס האָט ארומגעכאפט די פּראָלעטארישע באוועגונג, באווייזט קלאָרער פון אלץ דער שלוס-קאפיטל פונעם „מאניפעסט": די שטעלונג פון די קאָמוניסטן צו די פארשיידענע אָפּאָזיציאָנעלע פארטייען אין די פארשיידענע לענדער. דאָ פעלן נעמלעך גראָד רוסלאנד און די פאראייניקטע שטאטן. ס'איז דאן געווען א צייט, ווען רוסלאנד איז געווען דער לעצטער גרויסער רעזערוו פון דער גאנצער אייראָפּעישער רעאקציע און ווען די פאראייניקטע שטאטן פלעגן דורך

* די דאָזיקע איבערזעצונג איז דערשינען אין 1869 י. אין ענגעלסעס פאָרוואָרט צו דער ענגלישער אויסגאבע פון 1888 י. איז די דאטע, ווען ס'איז דערשינען די דאָזיקע רוסישע איבערזעצונג, אָנגעוויזן ניט פּינקטלעך (זע ז. 21 פון אונדזער אויסגאבע). רעד.

דער אײַנוואנדערונג אײַנשלינגען די איבערפליסיקע קרעפטן פונעם אייראָפּעיִשן פּראָלעטאריאט. ביידע לענדער האָבן באזאָרגט אייראָפּע מיט רוויוואַרג און זײַנען אין דער זעלבער צײַט געווען אָפּזאץ-מערק פאר די פּראָדוקטן פון איר אינדוסטריע. ביידע לענדער זײַנען דעמלט אזוי-ארום, אויף דעם אָדער יענעם אופן, געווען די זײַלן פון דער עקזיסטירנדיקער אָרדענונג אין אייראָפּע.

ווי שטארק אָט דאָס אלץ האָט זיך געענדערט בײַ הײַנטיקן טאָג! גראָד די אייראָפּעיִשע אײַנוואנדערונג האָט מיטגעהאָלפן דער ריזיקער אנטוויקלונג פון דער צפון-אמעריקאנישער ערד-ארבעט, וועלכע צעוואקלט מיט איר קאָנקורענץ די יסודות פון דעם גרויסן און קליינעם ערד-באזיץ אין אייראָפּע. זי האָט אויסער דעם דערלויבט די פאראייניקטע שטאטן צו נעמען זיך עקספּלואטירן זייערע רײַכע קוואלן פון אינדוסטריעלער אנטוויקלונג מיט אזא ענערגיע און אין אזא פארנעם, אז דאָס מוז איינגיכן מאכן א סוף צו דער אינדוסטריעלער מאָנאָפּאָליע פון מערב-אייראָפּע און באזונדערס פון ענגלאנד. די ביידע אומשטענדן ווירקן פון זייער זײַט אויף אמעריקע אין א רעוואָלוציאָנערן זין. דאָס קליינע און מיטעלע ערד-איינגנטום פון די פערמערס — אָט דער יסוד פון דער גאנצער פּאָליטישער אָרדענונג פון אמעריקע — האלט אלץ מער און מער ניט אויס די קאָנקורענץ פון די ריזיקע פערמעס; אין דער זעלבער צײַט אנטוויקלט זיך אין די אינדוסטריעלע ראיאָנען צום ערשטן מאָל א פילצאָליקער פּראָלעטאריאט און אן אויסערגעוויינלעכע קאָנצענטראציע פון די קאפּיטאלן.

און איצט רוסלאנד! בעת דער רעוואָלוציע פון די יאָרן 1848—1849 האָבן ניט נאָר די אייראָפּעיִשע מאָנארכן, נאָר אויך די אייראָפּעיִשע בורזשואַ געזען אין דער רוסישער אַרײַנמישונג די איינציקע רעטונג קעגן דעם פּראָלעטאריאט, וואָס האָט

Die erste russische Ausgabe des „Manifestes der Kommunistischen Partei“, übersetzt von Bakunin, erschien Anfangs der sechziger Jahre in der Druckerei des „Kolokol“. Der Westen konnte damals in ihr nur eine literarische Curiosität sehn. Solche Auffassung wäre heute unmöglich.

Welch beschränktes Gebiet damals (Decbr. 1847) die proletarische Bewegung noch einnahm, zeigt am klarsten das Schlusskapitel des Manifests: Stellung der Kommunisten zu den verschiedenen Oppositionsparteien in den verschiedenen Ländern. Hier fehlen nämlich grad — Russland und die Vereinigten Staaten. Es war die Zeit wo Russland die letzte grosse Reserve der europäischen Gesammt-Reaktion bildete; wo die Vereinigten Staaten die proletarische Überkraft Europa's durch Einwanderung absorbirten. Beide Länder versorgten Europa mit Rohprodukten & waren zugleich Absatzmärkte seiner Industrie-erzeugnisse. Beide Länder waren damals

דער מאנוסקריפט פון מארקס׳ און ענגעלסעס פאָרוואָרט צו דער רוסישער אויסגאבע פונעם „מאניפעסט פון דער קאָמוניסטישער פארטיי״ פון 1882 יאָר (אָנגעשריבן מיט דער האנט פון פ. ענגעלס).

also, in dieser oder jener Weise, Säulen der bestehenden europäischen Ordnung.

Wie ganz anders heute! Grade die europäische Einwanderung befähigte Nordamerika zu einer riesigen Ackerbauproduktion, deren Konkurrenz das europäische Grundeigenthum – grosses wie kleines – in seinen Grundfesten erschüttert. Sie erlaubte zudem den Vereinigten Staaten, ihre ungeheuren industriellen Hülfsquellen mit einer Energie & auf einer Stufenleiter auszubeuten, die das bisherige industrielle Monopol Westeuropas & namentlich Englands binnen Kurzem brechen muss. Beide Umstände wirken revolutionär auf Amerika selbst zurück. Das kleinere & mittl. Grundeigenthum der Farmers, die Basis der ganzen politischen Verfassung, erliegt nach & nach der Konkurrenz der Riesenfarms; ~~zugleich entwickelt~~ in den Industriebezirken entwickelt sich gleichzeitig zum ersten Mal ein massenhaftes Proletariat & eine fabelhafte Konzentration der Kapitalien.

Und nun Russland! Während der Revolution von 1848–49 fanden nicht nur die

europäischen Fürsten, auch die europäische Bourgeois in ~~Sinne~~ der russischen Einmischung die einzige Rettung vor dem eben erst erwachenden Proletariat. Der Zar wurde als Chef der europäischen Reaktion proklamiert. Heute ist er Kriegsgefangener der Revolution in Gatschina, und Russland bildet die Vorhut der revolutionären Aktion von Europa.

Das Kommunistische Manifest hatte zur Aufgabe, die bevorstehende unvermeidlich Auflösung des modernen bürgerlichen Eigentums zu proklamieren. In Russland aber finden wir, gegenüber rasch aufblühendem kapitalistischen Schwindel und sich eben erst entwickelndem bürgerlichen Grundeigentum, die grössere Hälfte des Bodens im Gemeinbesitz der Bauern. Es fragt sich nun: Kann die russische Obschtschina, eine wenn auch stark untergrabene Form des uralten Gemeinbesitzes am Boden, unmittelbar in die höhere des kommunistischen Gemeinbesitzes übergehen? Oder muss sie umgekehrt ~~dann~~ vorher denselben Auflösungsprozess durchlaufen, der die geschichtliche Entwicklung des Westens ausmacht?

Die einzige Antwort hierauf, die ~~sich~~ heutzutage möglich, ist die: Wird die russische Revolution das Signal einer proletarischen Revolution im Westen, ~~so kann der Zerfall des russischen Gemeineigenthums am Boden vermieden werden~~ sodass beide einander ergänzen, so kann das jetzige russische Gemeineigenthum am Boden zum Ausgangspunkt einer kommunistischen Entwicklung dienen. —

London 21. Januar 1882.

Karl Marx F. Engels.

אָקאָרשט אָנגעהויבן דערוואכן. דער צאר איז פּראָקלאמירט געוואָרן אלס דער ראש פון דער אייראָפּעישער רעאקציע. איצט געפינט ער זיך אין גאטשינע אלס קריגס־געפאנגענער פון דער רעוואָלוציע, און רוסלאנד איז דער אוואנגארד פון דער רעוואָלוציאָנערער באוועגונג אין אייראָפּע.

די אויפגאבע פונעם „קאָמוניסטישן מאניפעסט“ איז געווען צו פּראָקלאמירן די אומפארמיידלעך פאָרשטייענדיקע פארניכטונג פונעם מאָדערנעם בורזשואזן אייגנטום. אין רוסלאנד אָבער געפינען מיר, באגלייך מיטן האסטיק אויפבליענדיקן קאפּיטאליסטישן פיבער און מיטן בורזשואזן ערד־באזיץ, וואָס הייבט זיך ערשט אָן צו אנטוויקלען, העכער א העלפט ערד אין געמיינדע־באזיץ ביי די פּויערים. פרעגט זיך: צי קאָן די רוסישע געמיינדע („אָבשטשינא“) — אָט די, אמת, שוין שטארק אונטערגעגראָבענע פאָרם פונעם אוראלטן קאָלעקטיוון ערד־באזיץ — אוממיטלבאר אריבערגיין אין א העכערער פאָרם — צו דעם קאָמוניסטישן ערד־באזיץ? אָדער, פארקערט, זי מוז פריער דורכמאכן דעם זעלביקן פּראָצעס פון צעפאלונג, וואָס איז אייגנטימלעך דער געשיכטלעכער אנטוויקלונג פון מערב?

דער איינציקער ענטפער דערויף, וואָס איז ביי היינטיקן טאָג מעגלעך, איז אזא: וועט די רוסישע רעוואָלוציע דינען אלס סיגנאל פאר א פּראָלעטארישער רעוואָלוציע אין מערב, אזוי אז זיי וועלן איינע די אנדערע דערגאנצן, דאן וועט דער איצטיקער רוסישער געמיינדישער ערד־באזיץ קאָנען דינען אלס אויסגאנגס־פּונקט פאר א קאָמוניסטישער אנטוויקלונג.

קארל מארקס. פרידריך ענגעלס

לאָנדאָן, 21 יאנואר 1882 י.

## פאָרוואָרט צו דער דײַטשישער אויסגאבע
## פון 1883 יאָר

---

דאָס פאָרוואָרט צו דער איצטיקער אויסגאבע מוז איך, צום באדויערן, אונטערשרײַבן איינער אליין. מארקס, דער, וועמען דער גאנצער ארבעטער־קלאס פון אייראָפּע און אמעריקע האָט צו פארדאנקען מער ווי וועמען־עס־איז אן אנדערן, — מארקס רוט אויף דעם הײַגעטער בית־עולם, און אויף זײַן קבר וואקסט שוין דאָס ערשטע גראָז. נאָך זײַן טויט קאָן שוין געווים מער קיין רייד ניט זײַן וועגן איבערארבעטן אָדער דערגאנצן דעם „מאני־פעסט". דעריבער האלט איך פאר נאָך מער נייטיק נאָכאמאָל קלאָר און דײַטלעך פעסטצושטעלן דאָ אָט וואָס.

דער גרונט־געדאנק, וועלכער גייט דורך אינעם „מאניפעסט", אז די עקאָנאָמישע פּראָדוקציע און די פון איר נויטווענדיק ארויס־דרינגענדיקע סטרוקטור פון דער געזעלשאפט אין יעטווידער היס־טאָרישער עפּאָכע בילדן דעם יסוד פון דער פּאָליטישער און אינטעלעקטועלער געשיכטע פון דער דאָזיקער עפּאָכע; אז אין הסכם דערמיט איז די גאנצע געשיכטע (זינט עס איז צעפאלן גע־וואָרן דער אורלאלטער געמיינדישער ערד־באזיץ) געוועזן א גע־שיכטע פון קלאסן־קאמף, פון קאמף צווישן עקספּלואטירטע און עקספּלואטירנדיקע, באהערשטע און הערשנדיקע קלאסן אויף פארשיידענע שטופעס פון דער געזעלשאפטלעכער אנטוויקלונג; אז איצט אָבער האָט דער דאָזיקער קאמף דערגרייכט צו אזא שטופע, אויף וועלכער דער עקספּלואטירטער און אונטערדריק־טער קלאס (דער פּראָלעטאריאט) קאָן זיך שוין ניט באפרײַען פון דעם עקספּלואטירנדיקן און אונטערדריקנדיקן קלאס (דער

בורזשואזיע), ניט באפרייענדיק גלייכצייטיק די גאנצע געזעל־שאפט אויף שטענדיק פון עקספלואטאציע, אונטערדריקונג און קלאסן־קאמף, — דער דאָזיקער גרונט־געדאנק געהערט אינגאנצן און אויסשליסלעך מארקסן[1].

איך האָב דאָס שוין געזאָגט ניט איין מאָל; איצט אָבער איז גראָד נייטיק, אז די דאָזיקע דערקלערונג זאָל געמאכט ווערן אויך אינעם פאָרוואָרט צום „מאניפעסט" גופא.

פ. ענגעלס

לאָנדאָן, 28 יוני 1883 י.

## פאָרוואָרט צו דער ענגלישער אויסגאבע פון 1888 יאָר

דער „מאניפעסט" איז פארעפנטלעכט געוואָרן אלס פראָגראם פונעם „בונד פון קאָמוניסטן", אן ארבעטער־אָרגאניזאציע, וואָס איז צוערשט געווען אויסשליסלעך א דייטשישע און שפעטער איז זי געוואָרן אן אינטערנאציאָנאלע און וואָס ביי די פּאָליטי־שע באדינגונגען, וועלכע האָבן עקזיסטירט אויפן קאָנטינענט ביזן 1848 יאָר, האָט זי אומפארמיידלעך געמוזט זיין א געהיימע

[1] „צו דעם דאָזיקן געדאנק, — האָב איך געשריבן אין דער פאָרערדע צו דער ענגלישער איבערזעצונג, — וועלכער איז, לויט מיין מיינונג, בארופן צו האָבן פאר דער געשיכטע די זעלביקע באדייטונג, ווי דארווינס טעאָריע האָט געהאט פאר דער ביאָלאָגיע, האָבן מיר זיך ביידע בהדרגה דערנעענטערט נאָך מיט עטלעכע יאָר פארן 1845 יאָר. ווי ווייט איך האָב זיך זעלבשטענדיק א רוק געטאָן פאָראויס אין דער דאָ־זיקער ריכטונג, באווייזט בעסער פון אלץ מיין ווערק „די לאגע פונעם ארבעטער־קלאס אין ענגלאנד". אָבער ווען איך האָב זיך אין פרילינג 1845 יאָר ווידער באגעגנט מיט מארקסן אין בריסעל, האָט ער שוין דעם דאָזיקן געדאנק געהאט פאנאנדערגעארבעט און ער האָט אים מיר פאָרמולירט כמעט אין די זעלבע קלאָרע ווערטער, אין וועל־כע איך האָב עס דאָ געבראכט". (ענגעלס אין אָנמערקונג צו דער דייטשישער אויסגאבע פון 1890 יאָר.)

אָרגאַניזאַציע. אויפן קאָנגרעס פונעם בונד, וואָס איז פאָרגע־קומען אין לאָנדאָן אין נאָוועמבער 1847 יאָר, זיינען מארקס און ענגעלס באַאויפטראָגט געוואָרן צוצוגרייטן צו פארעפנטלעכן אַן אויספירלעכע טעאָרעטישע און פראקטישע פּראָגראם פון דער פארטיי. דער מאנוסקריפּט, אין דייטש, איז פארטיק געוואָרן צו יאנואר 1848 יאָר און איז עטלעכע וואָכן פאר דער פראנצויזישער רעוואָלוציע פונעם 24 פעברואר אָפּגעשיקט געוואָרן אין לאָנדאָן אויף צו פארעפנטלעכן. א פראנצויזישע איבערזעצונג איז דערשינען אין פאריזש ניט לאנג פארן יוני־אויפשטאנד פון 1848 יאָר. די ערשטע ענגלישע איבערזעצונג, געמאכט פון מיס העלען מאקפארליין, איז דערשינען אין דזשאָרדזש דזשוליאן הארני'ס "Red Republican", לאָנדאָן 1850 יאָר. ס'איז דערשינען אויך א דענישע און א. פּוילישע אויסגאבע.

די מפּלה פונעם פאריזשער יוני־אויפשטאנד פון 1848 יאָר — פון אָט דער ערשטער גרויסער שלאכט צווישן דעם פּראָלעטאריאט און דער בורזשואזיע — האָט ווידער אויף א געוויסער צייט אָפּגערוקט אין הינטערגרונט די סאָציאַלע און פּאָליטישע פּאָדערונגען פונעם ארבעטער־קלאס אין אייראָפּע. זינט דאן איז דער קאמף פאר דער איבערהאנט ווידער געגאנגען בלויז צווישן די פארשיידענע גרופּעס פונעם פארמעגלעכן קלאס, ווי ס'איז געווען ביז דער פעברואר־רעוואָלוציע; דעם ארבעטער־קלאס איז געבליבן צו קעמפן פאר פרייהייט פון פּאָליטישער טעטיקייט און צו פארנעמען די פּאָזיציע פון דעם עקסטרעמען פליגל פון דעם ראדיקאלן טייל פונעם מיטל־קלאס. יעטווידע זעלבשטענדיקע פּראָלעטארישע באוועגונג, וואָס פלעגט ארויסווייזן סימנים פון לעבן, פלעגט אָנרחמנותדיק דערשטיקט ווערן. אזוי האָט די פּרייסישע פּאָליציי אויסגעשפּירט דעם צענטראל־קאָמיטעט פונעם „בונד

פון קאָמוניסטן", וואָס האָט זיך דאַן געפונען אין קעלן. די מיט־
גלידער זײַנע זײַנען ארעסטירט געוואָרן, און נאָך אכצן חדשים זיצן
זײַנען זיי אין אָקטאָבער 1852 יאָר געמשפט געוואָרן. דער דאָזי־
קער בארימטער „קעלנער קאָמוניסטן־פּראָצעס" האָט געדויערט
פונעם 4 אָקטאָבער ביזן 12 נאָוועמבער; זיבן פון די אָנגעקלאָגטע
זײַנען פארמשפט געוואָרן צו טורמע פון דרײַ ביז זעקס יאָר.
גלײַך נאָכן אורטייל פונעם געריכט האָבן די פארבליבענע מיט־
גלידער פאָרמעל פאנאנדערגעלאָזט דעם בונד. וואָס איז שייך
דעם „מאניפעסט", האָט זיך געדוכט, אז פון דאַן אָן איז ער
פאראורטיילט צום פארגעסן ווערן.

ווען דער ארבעטער־קלאס פון אייראָפּע האָט ווידער צונויפ־
געזאמלט גענוג כוחות פאר א נײַעם אָנגריף אויף די הערשנדיקע
קלאסן, איז אנטשטאנען די „אינטערנאציאָנאלע ארבעטער־אסאָ־
ציאציע". אָבער די דאָזיקע אסאָציאציע, וואָס איז געשאפן גע־
וואָרן מיט א באשטימטן ציל — צו באהעפטן אין איין אָרגא־
ניזאציע אלע קאמפס־פעיִקע כוחות פונעם פּראָלעטאריאט פון
אייראָפּע און אמעריקע, האָט ניט געקאָנט תיכף פּראָקלאמירן די
פרינציפּן, וואָס זײַנען פאָרמולירט אינעם „מאניפעסט". די פּראָ־
גראם פונעם אינטערנאציאָנאל האָט געדארפט זײַן גענוג ברייט,
כדי זי זאָל זײַן אָננעמבאר סײַ פאר די ענגלישע טרעד־יוניאָנס,
סײַ פאר די פראנצויזישע, בעלגישע, איטאליענישע און שפּאנישע
פּרודאָניסטן און סײַ פאר די דײַטשישע לאסאליאנער [1]. מארקס,
וואָס האָט אָנגעשריבן די דאָזיקע פּראָגראם אזוי, אז זי זאָל

[1] פערזענלעך פלעגט לאסאל אונדז שטענדיק דערקלערן, אז ער איז מארקס' א שילער, און אלס אזעלכער שטייט ער אויפן באָדן פונעם „מאניפעסט". אָבער אין זײַן עפנטלעכער אגיטאציע אין די יאָרן 1862—1864 איז ער ניט געגאנגען ווײַטער פון פאָדערן פּראָדוציר־קאָאָפּעראטיוון, וואָס ווערן געשטיצט דורך מלוכה־קרעדיט. (ענגעלסעס אַן אָנמערקונג.)

באפרידיקן אָט די אלע פּאַרטייען, האָט אינגאנצן געטרויט דער אינטעלעקטועלער אנטוויקלונג פונעם ארבעטער־קלאס, וועלכע האָט געמוזט קומען אלס אומפּארמײַדלעכער רע־זולטאַט פון געמיינזאמער האנדלונג און קעגנזײַטיקן מיינונגס־אויסטויש. די געשעענישן גופא און די פעריפעטיען פונעם קאמף קעגן דעם קאפּיטאל, די מפּלות נאָך מער ווי די נצחונות, האָבן אומפּאַרמײַדלעך געמוזט באוויַיזן די ארבעטער, אז די פּאַר־שיידנערליי באַליבטע תרופות זייערע טויגן ניט, און צוגרייטן זיי צו א מער גרינטלעכן פאַרשטיין דיווירקלעכע באדינגונגען פאַר דער באפרײַאונג פונעם ארבעטער־קלאס. און מארקס איז געווען גערעכט. ווען דער אינטערנאציאָנאל האָט אין 1874 יאָר אויפגעהערט צו עקזיסטירן, זײַנען די ארבעטער שוין געווען גאָר ניט די, וואָס בעת דער גרינדונג פונעם אינטערנאציאָנאל אין 1864 יאָר. דער פּרודאָניזם אין פראנקרײַך, דער לאסאַליאַניזם אין דײַטשלאנד האָבן געגוססט, און אפילו די קאָנסערוואַטיווע ענגלישע טרעד־יוניאָנס, וואָס די מערהײַט זייערע האָט שוין א לאנגע צײַט פאַר דעם געהאַט צעריסן די פאַרבינדונגען מיטן אינ־טערנאציאָנאל, האָבן זיך בהדרגהדיק דערנעענטערט צו יענעם מאָמענט, ווען דער פּאָרזיצער פון זייער קאָנגרעס, וואָס איז פּאָר־געקומען פאַראיאָרן אין סוואָנסי, האָט געקאָנט אין זייער נאָמען זאָגן: „דער קאָנטינענטאַלער סאָציאַליזם האָט אויפגעהערט צו שרעקן אונדז“. ווירקלעך, די פּרינציפּן פונעם „מאַניפעסט“ האָבן זיך באַדײַטנדיק פאַרשפּרייט צווישן די ארבעטער פון אלע לענ־דער.

אזוי־ארום איז דער „מאַניפעסט“ גופא אויפסנײַ ארויסגע־רוקט געוואָרן אין פאָדערגרונט. דער דײַטשישער טעקסט איז נאָכן 1850 יאָר עטלעכע מאָל איבערגעדרוקט געוואָרן אין דער

שווייץ, אין ענגלאנד און אין אמעריקע. אין 1872 יאָר איז ער
איבערגעזעצט געוואָרן אויף ענגליש אין ניו־יאָרק און איז אָפּ־
געדרוקט געוואָרן אין „Woodhull and Claflin‘s Weekly“.
פון אָט דעם ענגלישן טעקסט איז געמאַכט געוואָרן די פראנ־
צויזישע איבערזעצונג און איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אינעם ניו־
יאָרקער „Le Socialiste“. נאָך דעם זײַנען אין אמעריקע דער־
שינען ווייניקסטנס נאָך צוויי מער אָדער ווייניקער פארגרײַזטע
ענגלישע איבערזעצונגען; איינע פון זיי איז ארויסגעגעבן גע־
וואָרן אויפסנײַ אין ענגלאנד. די ערשטע רוסישע איבערזעצונג,
וואָס איז געמאכט געוואָרן דורך באקונינען, איז דערשינען אין
דער דרוקערײַ פון הערצענס „קאָלאָקאָל“ אין זשענעווע ארום
1863 יאָר; א צווייטע רוסישע איבערזעצונג, וועלכע עס האָט גע־
מאכט די העלדישע ווערא זאסוליטש *, איז דערשינען אויך אין
זשענעווע אין 1882 יאָר. א נײַע דענישע אויסגאבע איז
דערשינען אין „Socialdemokratisk Bibliothek“ אין קאָפּענהאגען
אין 1885 יאָר; אין 1886 יאָר** איז דערשינען א נײַע
פראנצויזישע איבערזעצונג אינעם פאריזשער „Le Socialiste“.
פון אָט דער איבערזעצונג איז אין 1886 יאָר צוגעגרייט און
פארעפנטלעכט געוואָרן אין מאדריד א שפאנישע איבערזעצונג.
וועגן די ווײַטערדיקע דײַטשישע אויסגאבעס איז פארשפּאָרט
אפילו צו ריידן: ס'איז ווייניקסטנס דערשינען צוועלף אזוינע
אויסגאבעס. אן ארמענישע איבערזעצונג, וואָס האָט געזאָלט דער־

---

* אינעם נאָכוואָרט צום ארטיקל „די סאָציאַלע פארהעלטענישן אין רוסלאנד“ (ק. מ א ר ק ס און פ. ע נ ג ע ל ס, ווערק, ב. XVI, ט. II, ז. 394, רוסיש) רופט ענגעלס אָן די דערמאָנטע איבערזעצונג אלס פלעכאנאָווס איבערזעצונג. פלעכאנאָוו זעלבסט ווײַזט אויך אָן אין דער אויסגאבע פונעם „מאניפעסט“ אין 1900 יאָר, אז די איבער־זעצונג האָט ער געמאכט. ר ע ד.

** דאָס יאָר איז אָנגעוויזן ביט פינקטלעך. די פראנצויזישע איבערזעצונג, וואָס ענגעלס דערמאָנט, איז דערשינען אין „Le Socialiste“ אין 1885 יאָר. ר ע ד.

שײַנען מיט עטלעכע חדשים צוריק אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, האָט, ווי מען האָט מיר איבערגעגעבן, ניט דערזען די ליכטיקע שײַן נאָר דערפאַר, ווײַל דער פאַרלעגער האָט מורא געהאַט אַרויסצולאָזן אַ בוך מיט מאַרקס' נאָמען, און דער איבערזעצער איז ניט אײַנגעגאַנגען צו דרוקן דעם „מאַניפעסט" אַלס זײַנס אָן אייגן ווערק. וועגן ווײַטערדיקע איבערזעצונגען אויף אַנדערע שפּראַכן האָב איך געהערט, נאָר איך האָב זיי ניט געזען. אַזוי־אַרום שפּיגלט אָפּ די געשיכטע פֿונעם „מאַניפעסט" אין אַ באַדײַטנדיקער מאָס די געשיכטע פֿון דער מאָדערנער אַרבעטער־באַוועגונג; בײַ הײַנטיקן טאָג איז ער, אָן שום צווייפל, דאָס סאַמע פאַרשפּרייטע, דאָס אינטערנאַציאָנאַלסטע ווערק פֿון דער גאַנצער סאָציאַליסטישער ליטעראַטור, — ער איז די געמיינזאַמע פּראָגראַם, וועלכע עס אָנערקענען מיליאָנען אַרבעטער — פֿון סיביר ביז קאַליפאָרניע.

און פונדעסטוועגן האָבן מיר אים דאַן, ווען מיר האָבן אים געשריבן, ניט געקאָנט אָנרופן ס אָ צ י אַ ל י ס ט י ש ע ר מאַניפעסט. סאָציאַליסטן האָט מען אין 1847 יאָר גערופן, פֿון איין זײַט, די אָנהענגער פֿון די פאַרשיידענע אוטאָפּישע סיסטעמען: די אָוועניסטן אין ענגלאַנד, די פוריערייסטן אין פראַנקרײַך, וואָס אי די אי יענע האָבן שוין געהאַט דעגענערירט אין סעקטעס, וועלכע האָבן אָנגעהויבן ביסלעכווײַז אָפּשטאַרבן; פֿון דער אַנדערער זײַט — די פאַרשיידענע סאָציאַלע כּישוף־מאַכערס, וואָס האָבן צוגעזאָגט אויסצוהיילן אַלע סאָציאַלע קרענק מיט כלערליי אוניווערסאַלע תּרופֿות, אָן דעם מינדסטן שאָדן פאַר דעם קאַפּיטאַל און דעם פּראָפיט. דאָס זײַנען אין ביידע פאַלן געווען מענטשן, וואָס זײַנען געשטאַנען אויסער דער באַוועגונג פונעם אַרבעטער־קלאַס און האָבן געזוכט שטיצע גיכער פֿון אַלץ בײַ

די „געבילדעטע“ קלאסן. יענער טייל ווידער פונעם ארבעטער־קלאס, וואָס האָט זיך איבערצייגט, אז בלויז פּאָליטישע איבער־קערענישן זיינען ניט גענוג, און האָט פּראָקלאמירט די נייטיקייט פון א גרינטלעכער איבערבויאונג פון דער גאנצער געזעלשאפט, האָט זיך דאן גערופן קאָמוניסטישער. דאָס איז געווען א ביסל א רויער, שלעכט־ארומגעטעסעטער, ריין אינסטינקטיווער קאָמוניזם; דאָך האָט ער אָנגעטאפּט דאָס סאמע קארדינאלע און האָט זיך ארויסגעוויזן גענוג שטארק אינעם ארבעטער־קלאס אויף צו שאפן דעם אוטאָפּישן קאָמוניזם—קאבעס קאָמוניזם אין פראנקרייך און וויטלינגס—אין דייטשלאנד. אזוי־ארום איז דער סאָציאליזם אין 1847 יאָר געווען א בורזשואזע באוועגונג, דער קאָמוניזם — א באוועגונג פונעם ארבעטער־קלאס. צום סאָציאליזם האָט מען זיך, יעדנפאלס אויפן קאָנטינענט, באצויגן מיט „רעספּעקט“, צום קאָמוניזם — פונקט פארקערט. און אזוי ווי מיר האָבן פון סאמע אָנהייב אָן זיך געהאלטן ביי דער מיינונג, אז „די באפרייאונג פו־נעם ארבעטער־קלאס קאָן זיין די זאך בלויז פונעם ארבעטער־קלאס גופא“, האָט ביי אונדז קיין שום צווייפל ניט געקאָנט זיין, וועלכן פון די צוויי נעמען מיר דארפן אויסקלייבן. נאָך מער, כ'איז אונדז אויך שפּעטער קיינמאָל ניט איינגעפאלן זיך אָפּצו־זאָגן פון דעם נאָמען.

כאָטש דער „מאניפעסט“ איז אונדזער א געמיינזאם ווערק, פונדעסטוועגן האלט איך פאר מיין חוב צו קאָנסטאטירן, אז דער גרונט־געדאנק, וואָס בילדעט דעם קערן פונעם „מאניפעסט“, געהערט מארקסן. דער דאָזיקער געדאנק באשטייט דערין, אז דער פרעוואלירנדיקער אופן פון דער עקאָנאָמישער פּראָדוקציע און פונעם אויסטויש און די געזעלשאפטלעכע סטרוקטור, וואָס דרינגט פון אים נויטווענדיק ארויס, בילדן אין יעדער היסטאָרי־

שער עפּאָכע דעם יסוד, אויף וועלכן עס באזירט זיך די פּאָליטי־שע און די אינטעלעקטועלע געשיכטע פון דער דאָזיקער עפּאָכע, און בלויז פון אָט דעם יסוד קאָן די דאָזיקע געשיכטע דער־קלערט ווערן; אז אין הסכם דערמיט איז די גאנצע געשיכטע פון דער מענטשהייט (זינט עס איז צעפאלן געוואָרן די אוראל־טע שטאם־געזעלשאפט מיט איר געמיינדישן ערד־באזיץ) געווען א געשיכטע פון קלאסן־קאמף, פון קאמף צווישן עקספּלואטירנ־דיקע און עקספּלואטירטע, צווישן הערשנדיקע און אונטער־דריקטע קלאסן; אז די געשיכטע פון דעם דאָזיקן קלאסן־קאמף האָט ביי היינטיקן טאָג דערגרייכט אין איר אנטוויקלונג צו יע־נער שטופע, אויף וועלכער דער עקספּלואטירטער און אונטער־דריקטער קלאס — דער פּראָלעטאריאט — קאָן זיך ניט בא־פרייען פון דעם יאָך פונעם עקספּלואטירנדיקן און הערשנדיקן קלאס — פון דער בורזשואזיע, — ניט באפרייענדיק גלייכצייטיק און אויף שטענדיק די גאנצע געזעלשאפט פון יעדן מין עקספּלואטאציע, פון אונטערדריקונג, פון צעטיילונג אויף קלאסן און פון קלאסן־קאמף.

צו דעם דאָזיקן געדאנק, וועלכער איז, לויט מיין מיינונג, בארופן צו האָבן פאר דער געשיכטע די זעלביקע באדייטונג, ווי דארווינס טעאָריע האָט געהאט פאר דער ביאָלאָגיע, האָבן מיר זיך ביידע בהדרגה דערנעענטערט נאָך מיט עטלעכע יאָר פארן 1845 יאָר. ווי ווייט איך האָב זיך זעלבשטענדיק א רוק געטאָן פאָראויס אין דער דאָזיקער ריכטונג, באווייזט בעסער פון אלץ מיין ווערק „די לאגע פונעם ארבעטער־קלאס אין ענגלאנד" [1].

1 „The Condition of the Working Class in England in 1844". By Frederick Engels, Translated by Florence K. Wischnewetzky. New York, Lovell—London. W. Reeves, 1888 (ענגעלסעס אָנמערקונג). [זע פ. ענגעלס. „די לאגע פונעם ארבעטער־קלאס אין ענגלאנד". ק. מארקס און פ. ענגעלס, ווערק, ב. III (רוסיש). רעד.]

אָבער ווען איך האָב זיך אין פרילינג 1845 יאָר ווידער באגעגנט מיט מארקסן אין בריסעל, האָט ער שוין דעם דאָזיקן גדאנק גע־האט פאנאנדערגעארבעט און ער האָט אים מיר פאָרמולירט כמעט אין די זעלביקע קלאָרע ווערטער, אין וועלכע איך האָב עס דאָ געבראכט.

פון אונדזער געמיינזאמען פאָרוואָרט, וואָס איז אָנגעשריבן געוואָרן צו דער דייטשישער אויסגאבע פונעם 1872 יאָר, ברענג איך פאָלגנדיקע שורות:

„ווי שטארק עס זאָלן זיך ניט האָבן געענדערט די פארהעל־טענישן אין משך פון די לעצטע 25 יאָר, פארבלייבן דאָך די אלגעמיינע גרונט־הנחות, וואָס זיינען אנטוויקלט אין דעם דאָזיקן „מאניפעסט", אין אלגעמיין און אינגאנצן גענומען פולקום ריכ־טיק אויך איצט. אין איינצלנע שטעלן וואָלט מען געדארפט אריינטראָגן געוויסע אויסבעסערונגען. די פראקטישע אָנווענ־דונג פון די דאָזיקע גרונט־הנחות, ווי עס דערקלערט דער „מא־ניפעסט" גופא, וועט שטענדיק און אומעטום זיין אָפּהענגיק פון די פאראנענע היסטאָרישע באדינגונגען, און דעריבער דארף מען כלל ניט איבערטרייבן די באדייטונג פון די רעוואָלוציאָ־נערע מאָסמיטלען, וועלכע זיינען פאָרגעלייגט געוואָרן אינעם סוף פונעם צווייטן אָפּטייל. די דאָזיקע שטעל וואָלט איצט אין א סך הינזיכטן געדארפט אנדערש פאָרמולירט ווערן. מחמת דער אומגעהייערער אנטוויקלונג פון דער מאָדערנער אינדוסטריע זינט 1848 י., וואָס צוזאמען מיט איר אנטוויקלט זיך אויך די פארטיי־אָרגאניזאציע פונעם ארבעטער־קלאס, מחמת דער פראקטישער דערפארונג — פריער פון דער פעברואר־רע־וואָלוציע און שפּעטער, נאָך אין א סך א גרעסערער מאָס, פון דער פאריזשער קאָמונע, ווען דער פראָלעטאריאט האָט צום

ערשטן מאָל אין משך פון צוויי חדשים געהאלטן אין זיַינע הענט די פּאָליטישע מאכט, — איז איצט די דאָזיקע פּראָגראַם ערטערוויַיז פארעלטערט געוואָרן. באזונדערס האָט די קאָמונע דערוויזן, אז „דער ארבעטער-קלאס קאָן ניט פּשוט איבערנעמען די פארטיקע מלוכה-מאשין און לאָזן זי אין גאנג צוליב זיַינע אייגענע צילן“ (זע „The Civil War in France; Address of the General Council of the International Working-men's Association". London, Truelove, 1871, p. 15*, וואו דער דאָזיקער געדאנק איז ברייטער אנטוויקלט). ווייַטער, איז זעלבסטפארשטענדלעך, אז די קריטיק פון דער סאָציאליסטישער ליטעראטור איז פאר דער איצטיקער צייַט ניט גענוג פול, וויַיל זי דערגייט בלויז ביזן 1847 יאָר; פּונקט אזוי איז פארשטענדלעך, אז די באמערקונגען וועגן דער שטעלונג פון די קאָמוניסטן צו די פארשיידענע אָפּאָזיציאָנעלע פּארטייען (אָפּטייל IV), וואָס כאָטש אין די גרונט-שטריכן זיַינען זיי נאָך ריכטיק אויך איצט, זיַינען זיי דאָך אין באזונדערע פּרטים זייערע פארעלטערט שוין דערפאר, וויַיל די פּאָליטישע לאגע האָט זיך אינגאנצן געענדערט און די היסטאָרישע אנטוויקלונג האָט אָפּגעמעקט פון דער וועלט דעם גרעסטן טייל פּארטייען, וואָס זיַינען דאָרט אויסגערעכנט.

דער „מאניפעסט“ איז אָבער א היסטאָרישער דאָקומענט, און מיר נעמען זיך ניט דאָס רעכט עפּעס צו ענדערן אין אים“.

די איבערזעצונג, וואָס ווערט דאָ פאָרגעלייגט, איז געמאכט געוואָרן דורכן ה' סעמיועל מור, וועלכער האָט איבערגעזעצט

* זע ק. מ א ר ק ס. „דער בירגער-קריג אין פראנקרייַך. אויפרוף פונעם גענעראל-ראט פון דער אינטערנאציאָנאלער ארבעטער-אסאָציאציע“. ק. מ א ר ק ס און פ. ע נ ג ע ל ס, ווערק, ב. XIII, ט. II (רוסיש), ז. 310 און ווייַטער. ר ע ד.

דעם גרעסטן טייל פון מארקס' „קאפיטאל". מיר האָבן זי צוזאַמען דורכגעקוקט, און איך האָב צוגעגעבן עטלעכע דערקלערונגען פון היסטאָרישן כאראקטער.

פרידריך ענגעלס

לאָנדאָן, 30 יאנואר 1888 י.

## פאָרוואָרט צו דער דײַטשישער אויסגאבע פון 1890 יאָר

---

פון זינט אָן עס זײַנען געשריבן געוואָרן די אויבן געבראכטע שורות *, איז ווידער נייטיק געוואָרן א נײַע דײַטשישע אויפלאַגע פונעם „מאניפעסט"; אויך מיטן „מאניפעסט" גופא איז געשען א סך אזוינס, וועגן וואָס עס איז כדאי דאָ צו דערמאָנען.

אין 1882 יאָר איז אין זשענעווע דערשינען א צווייטע רוסישע איבערזעצונג, וועלכע ס'האָט געמאכט ווערא זאסוליטש; די פאָררעדע צו איר האָבן אָנגעשריבן מארקס און איך. צום באדויערן, איז בײַ מיר פארלאָרן געגאנגען דער אָריגינאל פונעם דײַטשישן מאנוסקריפט, און עס קומט מיר דעריבער אויס איבערזעצן צוריק פון רוסיש, — די ארבעט געווינט דערפון, פארשטייט זיך, אין קיין פאל נישט. אָט איז די פאָררעדע**:

„די ערשטע רוסישע אויסגאבע פונעם „מאניפעסט פון דער קאָמוניסטישער פארטיי" אין באקונינס איבערזעצונג איז דערשינען אָנהייב זעכציקער יאָרן אין דער דרוקערײַ פונעם „קאָלאָקאָל".

---

* ענגעלס מיינט דאָ זײַן פאָרוואָרט צו דער דײַטשישער אויסגאבע פון 1883 יאָר. רעד.

** דער פארלאָרן־געגאנגענער דײַטשישער אָריגינאל פון מארקס' און ענגעלסעס פאָרוואָרט צו דער רוסישער אויסגאבע פונעם „מאניפעסט" האָט זיך אָפּגעזוכט און געפינט זיך אינעם ארכיוו פונעם מארקס—ענגעלס—לענין־אינסטיטוט. דאָ ווערט געגעבן די איבערזעצונג פונעם אָריגינאל. רעד.

אין מערב האָט זי (די רוסישע אויסגאבע פונעם „מאניפעסט") אין יענע יאָרן געקאָנט אויסזען בלויז ווי א ליטעראַרישער קור־יאָז. ביי הײַנטיקן טאָג וואָלט שוין אזא שטאנדפונקט אוממעג־לעך געווען.

ווי באגרענעצט עס איז נאָך דאן (אין דעצעמבער 1847 יאָר) געווען דער געביט, וועלכן עס האָט ארומ־געכאפּט די פּראָלעטארישע באוועגונג, באווײַזט קלאָרער פון אלץ דער שלוס־קאפּיטל פונעם „מאניפעסט": די שטעלונג פון די קאָמוניסטן צו די פארשיידענע אָפּאָזיציאָנעלע פּארטייען אין די פארשיידענע לענדער. דאָ פעלן נעמלעך גראָד רוסלאנד און די פאראייניקטע שטאטן. ס'איז דאן געווען א צייט, ווען רוס־לאנד איז געווען דער לעצטער גרויסער רעזערוו פון דער גאנצער אייראָפּעיִשער רעאקציע און ווען די פאראייניקטע שטאטן פלעגן דורך דער אײַנוואנדערונג אײַנשלינגען די איבערפליסיקע קרעפטן פונעם אייראָפּעיִשן פּראָלעטאריאט. ביידע לענדער האָבן בא־זאָרגט אייראָפּע מיט רוואָרג און זײַנען אין דער זעלבער צײַט געווען אָפּזאץ־מערק פאר די פּראָדוקטן פון איר אינדוסטריע. ביידע לענדער זײַנען דעמלט אזוי־ארום, אויף דעם אָדער יענעם אופן, געווען די זײַלן פון דער עקזיסטירנדיקער אָרדענונג אין אייראָפּע.

ווי שטארק אָט דאָס אלץ האָט זיך געענדערט ביי הײַנטיקן טאָג! גראָד די אייראָפּעיִשע אײַנוואנדערונג האָט מיטגעהאָלפן דער ריזיקער אנטוויקלונג פון דער צפון־אמעריקאנישער ערד־ארבעט, וועלכע צעוואקלט מיט איר קאָנקורענץ די יסודות פון דעם גרויסן און קליינעם ערד־באזיץ אין אייראָפּע. זי האָט אוי־כער דעם דערלויבט די פאראייניקטע שטאטן צו נעמען זיך עקספּלואטירן זייערע רײַכע קוואלן פון אינדוסטריעלער אנט־

וויקלונג מיט אזא ענערגיע און אין אזא פארנעם, אז דאָס מוז אינגיכן מאכן א סוף צו דער אינדוסטריעלער מאָנאָפּאָליע פון מערב-אייראָפּע און באַזונדערס פון ענגלאַנד. די ביידע אומ-שטענדן ווירקן פון זייער זייט אויף אמעריקע אין א רעוואָלו-ציאָנערן זין. דאָס קליינע און מיטעלע ערד-אייגנטום פון די פער-מערס — אָט דער יסוד פון דער גאנצער פּאָליטישער אָרדענונג פון אמעריקע — האלט אלץ מער און מער ניט אויס די קאָנקו-רענץ פון די ריזיקע פערמעס; אין דער זעלבער צייט אנטוויקלט זיך אין די אינדוסטריעלע ראַיאָנען צום ערשטן מאָל א פּילצאָ-ליקער פּראָלעטאריאט און אן אויסערגעוויינלעכע קאָנצענטרא-ציע פון די קאפּיטאלן.

און איצט רוסלאנד! בעת דער רעוואָלוציע פון די יאָרן 1848—1849 האָבן ניט נאָר די אייראָפּעישע מאָנארכן, נאָר אויך די אייראָפּעישע בורזשואַ געזען אין דער רוסישער אריינמישונג די איינציקע רעטונג זייערע קעגן דעם פּראָלעטאריאט, וואָס האָט אָקאָרשט אָנגעהויבן דערוואכן. דער צאר איז פּראָקלאמירט געוואָרן אלס דער ראש פון דער אייראָפּעישער רעאקציע. איצט געפינט ער זיך אין גאַטשינע אלס קריגס-געפאנגענער פון דער רעוואָלוציע, און רוסלאנד איז דער אוואנגארד פון דער רעוואָלו-ציאָנערער באוועגונג אין אייראָפּע.

די אויפגאבע פונעם „קאָמוניסטישן מאניפעסט" איז געווען צו פּראָקלאמירן די אומפארמיידלעך פאָרשטייענדיקע פארניכ-טונג פונעם מאָדערנעם בורזשואזן אייגנטום. אין רוסלאנד אָבער געפינען מיר, באגלייך מיטן האסטיק אויפבליענדיקן קאפּיטאליס-טישן פיבער און מיטן בורזשואזן ערד-באזיץ, וואָס הייבט זיך ערשט אָן צו אנטוויקלען, העכער א העלפט ערד אין געמיינדע-באזיץ ביי די פּויערים. פרעגט זיך: צי קאָן די רוסישע געמיינדע

(„אָבשטשינא") — אָט די, אמת, שוין שטאַרק אונטערגעגראָבע־
נע פאָרם פונעם אוראלטן קאָלעקטיוון ערד־באזיץ — אוממיטל־
באר אריבערגיין אין א העכערער פאָרם — צו דעם קאָמוניס־
טישן ערד־באזיץ? אָדער, פארקערט, זי מוז פריער דורכמאכן
דעם זעלביקן פראָצעס פון צעפאלונג, וואָס איז אייגנטימלעך
דער געשיכטלעכער אנטוויקלונג פון מערב?

דער איינציקער ענטפער דערויף, וואָס איז בײַ הײַנטיקן טאָג
מעגלעך, איז אזא: וועט די רוסישע רעוואָלוציע דינען אלס סיג־
נאל פאר א פראָלעטארישער רעוואָלוציע אין מערב, אזוי אז זיי
וועלן איינע די אנדערע דערגאנצן, דאן וועט דער איצטיקער
רוסישער געמיינדישער ערד־באזיץ קאָנען דינען אלס אויסגאנגס־
פונקט פאר א קאָמוניסטישער אנטוויקלונג".

ק א ר ל  מ א ר ק ס.  פ ר י ד ר י ך  ע נ ג ע ל ס

לאָנדאָן, 21 יאנואר 1882 י.

אן ערך אין דער זעלביקער צײַט איז אין זשענעווע דערשי־
נען א נײַע פוילישע איבערזעצונג: „Manifest Kommunistyczny".

דערנאָך איז דערשינען א נײַע דענישע איבערזעצונג אין דעם
„Socialdemokratisk Bibliothek, Kjöbenhavn 1885". צום באַ־
דויערן, איז זי ניט קיין פולע; עטלעכע וועזנטלעכע שטעלן, וואָס
האָבן, ווײַזט אויס, פארשאפט שוועריקײַטן דעם איבערזעצער,
זײַנען איבערגעהיפּט געוואָרן, און בכלל לאָזן זיך ערטערווײַז באַ־
מערקן שפּורן פון נאכלעסיקײַט, וואָס זײַנען נאָך מער פאר־
דריסלעך דערפאר, ווײַל ווי מען זעט פון דער ארבעט, וואָלט
דער איבערזעצער בײַ א מער אויפמערקזאמער באציאונג גע־
קאָנט געבן אויסגעצייכנטע רעזולטאטן.

אין 1886 יאָר איז דערשינען א נייע פראנצויזישע איבער־זעצונג אינעם פאריזשער "Le Socialiste„; דאָס איז די בעס־טע פון אלע איבערזעצונגען, וואָס זיינען דערשינען ביז היינט.

פון אָט דער פראנצויזישער איבערזעצונג איז אין דעם זעלבן יאָר געמאכט און פארעפנטלעכט געוואָרן א שפּאנישע איבערזע־צונג, פריער אין דעם מאדרידער "El Socialista„, און דערנאָך אלס באזונדער בראָשור: „Manifiesto del Partido Comunista“, por Carlos Marx y F. Engels, Madrid. Administracion de „El Socialista“. Hernan Cortés 8.

אלס קוריאָז וועל איך נאָך דערמאָנען, אז אין 1887 יאָר האָט מען איינעם א קאָנסטאנטינאָפּאָלער פארלעגער פאָרגעלייגט א מאנוסקריפּט פון אן ארמענישער איבערזעצונג; אָבער אָט דער וואוילער מענטש האָט קיין מוט ניט געהאט אָפּצודרוקן א ווערק, אויף וועלכן עס שטייט מארקס' נאָמען, און האָט געהאלטן פאר מער פּאסיק, אז דער איבערזעצער אליין זאָל אוועקשטעלן זיין נאָמען אלס אויטאָר. דער איבערזעצער האָט זיך אָבער דערפון אָפּגעזאָגט.

נאָך דעם, ווי אין ענגלאנד זיינען א סך מאָל ווידער ארויסגע־געבן געוואָרן אמאָל די, אמאָל יענע פון די מער אָדער ווייניקער ניט ריכטיקע אמעריקאנישע איבערזעצונגען, איז ענדלעך אין 1888 יאָר דערשינען אן אאוטענטישע איבערזעצונג. געמאכט האָט זי מיין פריינט סעמיועל מור, און פארן דרוקן האָבן מיר ביידע זי נאָכאמאָל צוזאמען דורכגעקוקט. דער נאָמען פון דעם בוך איז: „Manifesto of the Communist Party, by Karl Marx and Frederick Engels. Authorized English Translation, edited and annotated by Frederick Engels. 1888. London, William Reeves, 185 Fleet st. E. C.“. עטלעכע פון די אָנמערקונגען, וואָס איך האָב געמאכט צו יענער אויסגאבע, גיב איך אויך דאָ.

דער „מאניפעסט“ האָט געהאט זײַנע אײגענע לעבנס-גע-
שיכטע. װען ער איז דערשינען, איז ער ענטוזיאסטיש באגריסט
געװאָרן דורך דעם דעמלט נאָך קלײנצאָליקן אװאנגארד פונעם
װיסנשאפטלעכן סאָציאליזם (װי דאָס באװײַזן די איבערזעצונ-
גען, װאָס װערן דערמאָנט אין דער ערשטער פאָררעדע). אָבער
די רעאקציע, װעלכע האָט זיך אָנגעהויבן נאָך דער מפּלה פון די
פאריזשער ארבעטער אין יוני 1848 יאָר, האָט אים אינגיכן אָפּ-
געדרוקט אין הינטערגרונט. און צולעצט, מיט דער פאראורטײ-
לונג פון די קעלנער קאָמוניסטן אין נאָװעמבער 1852 יאָר, איז
ער „אויפן סמך פון געזעץ“ דערקלערט געװאָרן אויסערן געזעץ.
װען פון דער געזעלשאפטלעכער ארענע איז פארשװאונדן
געװאָרן די ארבעטער-באװעגונג, װעלכע האָט זיך אָנגעהויבן
מיט דער פעברואר-רעװאָלוציע, איז אויך דער „מאניפעסט“ אָפּ-
געטראָטן אין הינטערגרונט.

װען דער אײראָפּעישער ארבעטער-קלאס איז װידער גענוג
שטארק געװאָרן אויף אָנצוהײבן א נײַעם אָנגריף קעגן דער מאכט
פון די הערשנדיקע קלאסן, איז אנטשטאנען די „אינטערנא-
ציאָנאלע ארבעטער-אסאָציאציע“. איר ציל איז געװען צונויפצו-
שמעלצן אין א ײ ן גרויסער ארמײ די גאנצע קאמפס-פעיקע אר-
בעטערשאפט פון אײראָפּע און אמעריקע. דעריבער האָט זי ניט
געקאָנט ד י ר ע ק ט נ ע מ ע ן א ל ס א ו י ס ג א נ ג ס-פ ו נ ק ט
די פרינציפּן, װאָס זײַנען פאָרמולירט געװאָרן אינעם „מאני-
פעסט“. זי האָט געמוזט האָבן אזא פּראָגראם, װאָס זאָל ניט
פארשליסן די טירן פאר די ענגלישע טרעד-יוניאָנס, פאר די
פראנצויזישע, בעלגישע, איטאליענישע און שפּאנישע פּרודאָ-

ניסטן און פאר די דײַטשישע לאסאליאנער[1] — אזא פּראָגראם — דער אריינפיר-טייל צום סטאַטוט פון אינטערנאַציאָנאַל * — האָט מארקס אָנגעשריבן אזוי מייַסטערהאפט, אז דאָס האָבן געמוזט אָנערקענען אפילו באקונין און די אנארכיסטן. וואָס איז שייך דעם ענדגילטיקן זיג פון די פּרינציפּן, וואָס זײַנען ארויסגעשטעלט געוואָרן אינעם „מאניפעסט“, האָט זיך מארקס אינגאנצן פארלאָזן אויף דער אינטעלעקטועלער אנטוויקלונג פונעם ארבעטער-קלאס, וועלכע האָט געמוזט קומען אלס אומפארמײַדלעכער רעזולטאט פון געמיינזאמער האנדלונג און קעגנזײַטיקן מיינונגס-אויסטויש. די געשעענישן און פּעריפּעטיען פונעם קאמף קעגן דעם קאפּיטאל, די מפּלות נאָך מער ווי די נצחונות, האָבן ניט געקאָנט ניט קלאָר מאכן פאר די קעמפנדיקע, אז די אוניווערסאלע תרופות, בײַ וועלכע זיי האָבן זיך ביז איצט געהאלטן, טויגן ניט, און מאכן זייערע מוחות מער אויפנעמפּעדיק צום גרינטלעכן באגרײַפן די ווירקלעכע באדינגונגען פאר דער ארבעטער-באפרײַאונג. און מארקס איז גערעכט געווען. אין 1874 יאָר, ווען דער אינטערנאַציאָנאַל איז פאנאנדערגעלאָזן געוואָרן, איז שוין דער ארבעטער-קלאס געווען גאָר ניט דער, וואָס אין יאָר 1864, בעת דער גרינדונג פונעם אינטערנאַציאָנאַל. דער פּרודאָניזם אין די ראָמאנישע לענדער און דער ספּעציפישער לאסאליאניזם אין דײַטשלאנד האָבן שוין געגוססט, און אפילו

[1] אין זײַנע באציאונגען מיט אונדז האָט לאסאל פּערזענלעך זיך שטענדיק אָנערקענט פאר מארקס' א „שילער“, און אלס אזעלכער איז ער, פארשטייט זיך, געשטאנען אויפן באָדן פונעם „מאניפעסט“. אנדערש איז אָבער געווען מיט יענע אָנהענגער זײַנע, וועלכע זײַנען ניט געגאנגען ווײַטער פון זײַנע פאָדערונגען וועגן פּראָדוציר-קאָאָפּעראטיוון מיט מלוכה-קרעדיט און האָבן אײַנגעטיילט דעם גאנצן ארבעטער-קלאס אויף אָנהענגער פון מלוכה-הילף און אויף אָנהענגער פון זעלבסט-הילף. (ע נ ג ע ל ס ע ס אן אָ נ מ ע ר ק ו נ ג.)

* זע ק. מ א ר ק ס. „דער אלגעמיינער סטאַטוט פון דער אינטערנאַציאָנאַלער ארבעטער-אסאָציאַציע“, ק. מ א ר ק ס און פ. ע נ ג ע ל ס, ווערק, ב. XIII, ט. II (רוסיש), ז. 684—687. ר ע ד.

די דעמאָלטיקע אַרכי־קאָנסערוואַטיווע ענגלישע טרעד־יוניאָנס זיי־נען אויך ביסלעכווייז געקומען דערצו, אַז אין 1887 יאָר האָט דער פּאָרזיצער פון זייער קאָנגרעס אין סוואָנסי געקאָנט זאָגן אין זייער נאָמען: „דער קאָנטינענטאַלער סאָציאַליזם האָט אויפ־געהערט צו שרעקן אונדז". אָבער שוין אין 1887 יאָר איז דער קאָנטינענטאַלער סאָציאַליזם געווען כמעט בלויז די טעאָריע, וואָס איז פאָרמולירט געוואָרן אינעם „מאַניפעסט". אַזוי־אַרום שפּיגלט אָפּ די געשיכטע פונעם „מאַניפעסט" ביז אַ געוויסן גראַד די געשיכטע פון דער מאָדערנער אַרבעטער־באַוועגונג זינט דעם 1848 יאָר. איצט איז ער אָן ספק דאָס סאַמע פאַר־שפּרייטע, דאָס אינטערנאַציאָנאַלסטע ווערק אין דער גאַנצער סאָציאַליסטישער ליטעראַטור, די געמיינזאַמע פּראָגראַם פון פיל מיליאָנען אַרבעטער אין אַלע לענדער — פון סיביר ביז קאַליפאָרניע.

און דאָך, בעת ער איז דערשינען, האָבן מיר אים ניט געקאָנט אָנרופן סאָציאַליסטישער מאַניפעסט. סאָציאַליסטן האָט מען אין 1847 יאָר גערופן צווייערליי מינים מענטשן. פון איין זייט, די אָנהענגער פון די פאַרשיידענע אוטאָפּישע סיסטעמען, באַזונדערס די אָוועניסטן אין ענגלאַנד און די פוריעריסטן אין פראַנקרייך; אָט די ביידע שטרעמונגען האָבן שוין דעמאָלט דעגע־נערירט אין פּשוטע, ביסלעכווייז אָפּשטאַרבנדיקע סעקטעס. פון דער אַנדערער זייט, די פאַרשיידענע סאָציאַלע כישוף־מאַכערס, וועלכע האָבן געוואָלט דורך פאַרשיידענע אוניווערסאַלע תרופות און כלערליי מינים לאַטעס באַזייטיקן די געזעלשאַפטלעכע צרות און ניט אָנטאָן דערביי קיין מינדסטן שאָדן דעם קאַפּיטאַל און דעם פּראָפיט. אין ביידע פאַלן זיינען דאָס געווען מענטשן, וואָס זיינען געשטאַנען אויסער דער אַרבעטער־באַוועגונג און האָבן

געזוכט שטיצע גיכער פון אלץ ביי די „געבילדעטע" קלאסן. פאר־קערט, יענער טייל ארבעטער, וואס האט זיך איבערצייגט, אז בלויז פאליטישע איבערקערענישן זיינען ניט גענוג, און האט געפאדערט א גרינטלעכע איבערבויאונג פון דער געזעלשאפט, האט זיך דעמלט גערופן קאמוניסטישער. דאס איז נאך געווען א ווייניק באארבעטער, בלויז אינסטינקטיווער, אפטמאל א ביסל א רויער קאמוניזם; ער איז אבער געווען גענוג שטארק, כדי צו שאפן צוויי סיסטעמען פון אוטאפישן קאמוניזם: אין פראנק־רייך — קאבעס „איקארישן" קאמוניזם און אין דייטשלאנד — וויטלינגס קאמוניזם. סאציאליזם האט אין 1847 יאר באטייט א בורזשואזע באוועגונג, קאמוניזם — אן ארבעטער־באוועגונג. סאציאליזם זיינען, ווייניקסטנס אויפן קאנטינענט, אפן גע־ווען די טירן פון די סאלאנען, דער קאמוניזם אבער איז געווען אין פונקט א פארקערטער לאגע. און אזוי ווי מיר האבן זיך שוין דעמלט קאטעגאריש געהאלטן ביי דער מיינונג, אז „די באַ־פרייאונג פון די ארבעטער קאן זיין די זאך בלויז פונעם ארבע־טער־קלאס גופא", האבן מיר קיין איין רגע ניט געקאנט צוויפ־לען, וועלכע פון די צוויי נעמען מיר דארפן אויסקלייבן. און אויך שפעטער איז אונדז קיינמאל ניט איינגעפאלן זיך אפצוזאגן פון דעם נאמען.

„פראלעטאריער פון אלע לענדער, פאראייניקט זיך!"—בלויז אייניקע שטימען האבן זיך אפגערופן, ווען מיר האבן מיט 42 יאר צוריק געווארפן אין דער וועלט דעם דאזיקן רוף ערב דער פאריזשער רעוואלוציע — די ערשטע, אין וועלכער דער פרא־לעטאריאט איז ארויסגעטראטן מיט אייגענע פאדערונגען. אבער דעם 28 סעפטעמבער 1864 יאר האבן די פראלעטאריער פון דעם גרעסטן טייל מערב־אייראפעישע לענדער זיך פאראייניקט

אין דער אינטערנאציאָנאלער ארבעטער-אסאָציאציע, וואָס איר רומפולער אָנדענק וועט לעבן אין דורות. דער אינטערנאציאָנאל גופא האָט, אמת, געלעבט בלויז ניין יאָר. אָבער דער אייביקער בונד פון די פּראָלעטאריער פון אלע לענדער, וואָס ער האָט גע-גרינדעט, לעבט נאָך און איז איצט קרעפטיקער ווי ווען-ניט-איז; דער בעסטער באווייז דערצו איז גראָד דער היינטיקער טאָג. ווייל היינט, ווען איך שרייב די דאָזיקע שורות, דעמאָנסטרירט דער אייראָפּעישער און דער אמעריקאנישער פּראָלעטאריאט זיינע קאמף-קרעפטן, וועלכע ער האָט צום ערשטן מאָל מאָביליזירט אלס איין ארמיי, אונטער איין פאָן, צוליב איין נאָענטסטן ציל—איינפירן דורכן געזעץ דעם נאָרמאלן אכט-שעהיקן אר-בעטס-טאָג, וועלכן ס'האָט פּראָקלאמירט שוין דער זשענעווער קאָנגרעס פונעם אינטערנאציאָנאל אין 1866 יאָר און דערנאָך — דאָס צווייטע מאָל — דער פּאריזשער ארבעטער-קאָנגרעס אין 1889 יאָר. אָט דאָס בילד פונעם היינטיקן טאָג וועט באווייזן די קאפּיטאליסטן און די גוטבאזיצער פון אלע לענדער, אז די פּראָלע-טאריער פון אלע לענדער זיינען היינט ווירקלעך פאראייניקט.

אָ, ווען מארקס וואָלט נאָך איצט געווען לעבן מיר און וואָלט דאָס אלץ געזען מיט זיינע אייגענע אויגן!

לאָנדאָן, 1 מיי 1890 י. פ. ענגעלס

## פאָרוואָרט צו דער פּוילישער אויסגאבע פון 1892 יאָר*

דאָס, וואָס עס איז נייטיק געוואָרן א נייע פּוילישע אויסגאבע פונעם „קאָמוניסטישן מאניפעסט“, גיט מיר א גרונט צו מאכן א ריי אויספירן.

* דאָס פאָרוואָרט צו דער פּוילישער אויסגאבע ווערט געגעבן אין דער איבער-זעצונג, וואָס איז געמאכט פונעם דייטשישן אָריגינאל. רעד.

קודם־כל דאַרף מען באַמערקן, אַז דער „מאַניפעסט" איז די לעצטע צײַט אין אַ געוויסער מאָס געוואָרן אַ ציײַגער פון דער אַנטוויקלונג פון דער גרויס־אינדוסטריע אויפן אײראָפּעיִשן קאָנ־טינענט. אין דער זעלבער מאָס, אין וועלכער עס אַנטוויקלט זיך אין אַ לאַנד די גרויס־אינדוסטריע, וואַקסט אויך צווישן די אַרבעטער פון אָט דעם לאַנד די שטרעבונג זיך קלאָר צו מאַכן זייער לאַגע, אַלס אַרבעטער־קלאַס, אין דער באַצי־אונג צו די פאַרמעגלעכע קלאַסן; עס פאַרברייטערט זיך צווישן זיי די סאָציִאַליסטישע באַוועגונג און עס שטײַגט דער נאָכפראַגע אויפן „מאַניפעסט". אַזוי־אַרום קאָן מען לויט דער צאָל עקזעמפּליאַרן פונעם „מאַניפעסט", וואָס זײַנען פאַרשפּרייט אויף דער שפּראַך פון אַ וועלכן־עס־איז לאַנד, מיט גענוגנדיקער פּינקטלעכקײַט פעסטשטעלן ניט בלויז דעם צושטאַנד פון דער אַרבעטער־באַוועגונג, נאָר אויך דעם אַנטוויקלונגס־גראַד פון דער גרויס־אינדוסטריע אינעם דאָזיקן לאַנד.

אַזוי־אַרום זאָגט עדות די נײַע פּוילישע אויסגאַבע פונעם „מאַניפעסט" וועגן אַן אַנטשיידענעם פּראָגרעס פון דער פּוילי־שער אינדוסטריע. אַז אַזאַ פּראָגרעס איז ווירקלעך פאָרגעקומען אין משך פון די צען יאָר, זינט עס איז דערשינען די לעצטע אויס־גאַבע, קאָן קיין שום ספק ניט זײַן. קרוין־פּוילן, קאָנגרעס־פּוילן, איז געוואָרן אַ גרויס־אינדוסטריִעלע געגנט פון דער רוסלענדי־שער אימפּעריע. בעת די רוסישע גרויס־אינדוסטריע איז פאַנאַנ־דערגעוואָרפן איבער פאַרשיידענע ערטער — איין טייל בײַם פי־נישן אײַנגוס, דער צווייטער — אין צענטער (מאָסקווע, וולאַדי־מיר), דער דריטער — אויפן ברעג פונעם שוואַרצן און אַזאָווער ימים אאַז״וו., — איז די פּוילישע אינדוסטריע קאָנצענטרירט אויף אַ פאַרהעלטנישמעסיק קליינעם שטח און האָט סײַ די מעלות, סײַ

די חסרונות פון דער דאָזיקער קאָנצענטראַציע. די מעלות זײַ־
נען אָנערקענט געוואָרן דורך די קאָנקורירנדיקע רוסישע פאַברי־
קאַנטן, ווען זיי האָבן געפּאָדערט שוץ־אָפּצאָלן קעגן פּוילן, ניט
געקוקט אויף זייער הייסן באַגער צו פאַרוואַנדלען אַלע פּאָליאַקן
אין רוסן. די חסרונות — סײַ פאַר די פּוילישע פאַבריקאַנטן און
סײַ פאַר דער רוסישער רעגירונג — ווײַזן זיך אַרויס אין דער
האַסטיקער פאַרשפּרייטונג פון די סאָציאַליסטישע אידייען צווישן
די פּוילישע אַרבעטער און אינעם שטײַגנדיקן נאָכפרעג אויפן
„מאַניפעסט“.

די דאָזיקע האַסטיקע אַנטוויקלונג פון דער פּוילישער אינדו־
סטריע, וועלכע איז איבערגעוואַקסן די רוסישע, איז אָבער,
פון איר זײַט, אַ נײַער באַווײַז פון דער אומאויסשעפּלעכער
לעבנס־קראַפט פונעם פּוילישן פאָלק און אַ נײַע גאַראַנטיע פאַר זײַן
פאַרשטייענדיקער נאַציאָנאַלער אויפשטעלונג. די אויפשטעלונג
פון אַן אומאָפּהענגיק שטאַרק פּוילן איז אָבער אַ זאַך, וואָס גייט
אָן ניט נאָר די פּאָליאַקן, נאָר אויך אונדז אַלעמען. אַן אויפריכ־
טיקע אינטערנאַציאָנאַלע צוזאַמענאַרבעט פון די אייראָפּעישע
פעלקער קאָן מעגלעך זײַן נאָר דאַן, ווען יעדעס פון די דאָזיקע
פעלקער איז פולשטענדיק בעל־הבית בײַ זיך אין דער היים. די רע־
וואָלוציע פון 1848 יאָר, וואָס אין איר איז די פּראָלעטאַרישע
קעמפער אויסגעקומען, אין לעצטן סך־הכל, אויסצופילן אונטער
דער פאָן פונעם פּראָלעטאַריאַט די אַרבעט פון דער בורזשואַזיע,
האָט מיט די הענט פון אירע צוואה־אויספילער — לוי באָנאַפּאַרט
און ביסמאַרק — פאַרווירקלעכט אויך די אומאָפּהענגיקייט פון
איטאַליע, דײַטשלאַנד, אונגאַרן; פּוילן אָבער, וואָס האָט זינט
1792 יאָר אויפגעטאָן פאַר דער רעוואָלוציע מער איידער אָט
די דרײַ צוזאַמען גענומען, פּוילן האָט מען איבערגעלאָזט אויפן

איינענעם באראָט, ווען עס האָט אין 1863 יאָר געשמאכט אונטערן דרוק פון די אין צען מאָל מעכטיקערע כוחות פון די רוסן. די שליאכטע האָט ניט געקאָנט — ניט איינהיטן, ניט צוריק אויסקעמפן די אומאָפהענגיקייט פון פוילן; די בורזשואזיע באציט זיך צו דער אומאָפהענגיקייט ביי היינטיקן טאָג ווייניקסטנס גלייכגילטיק. און דאָך איז די אומאָפהענגיקייט נויטווענדיק פאר דער הארמאָנישער צוזאמענארבעט פון די אייראָפעישע נאציעס. אויסקעמפן די דאָזיקע אומאָפהענגיקייט קאָן נאָר דער יונגער פוילישער פראָלעטאריאט, און אין זיינע הענט איז זי פולקום געזיכערט. ווייל פאר די ארבעטער פון דער גאנצער איבעריקער אייראָפע איז די אומאָפהענגיקייט פון פוילן פונקט אזוי נייטיק, ווי פאר די פוילישע ארבעטער גופא.

פ. ע נ ג ע ל ס

לאָנדאָן, 10 פעברואר 1892 י.

## פאָרוואָרט צו דער איטאליענישער אויסגאבע פון 1893 יאָר

### צ ו ם  א י ט א ל י ע נ י ש ן  ל י י ע נ ע ר

די פובליקאציע פונעם „מ א נ י פ ע ס ט  פ ו ן  ד ע ר  ק אָ מ ו נ י ס ט י ש ע ר  פ א ר ט י י“ איז כמעט פינקטלעך צונויפגעפאלן מיטן טאָג פון 18 מערץ 1848 יאָר, מיט די רעוואָלוציעס אין מילאן און אין בערלין — די באוואָפנטע אויפשטאנדן פון צוויי נאציעס, וועלכע געפינען זיך: איינע — אין צענטער פונעם אייראָפעישן קאָנטינענט, די צווייטע — אין צענטער פון די לענדער ביים מיטללענדישן ים; פון צוויי נאציעס, וואָס זיינען ביז דאן געווען אָפגעשוואכט מחמת זייער צעשפליטערטקייט

און אינערלעכע ווײַסערײַען און זײַנען דעריבער ארונטערגעפאלן אונטער פרעמדלענדישער הערשאפט. אויב איטאליע איז געווען אונטערגעוואָרפן דעם עסטרײַכישן אימפעראטאָר, האָט זיך דײַטשלאנד געפונען אונטער דעם ניט ווייניקער פילבארן, כאָטש אפילו מער אומדירעקטן, יאָך פונעם צאר פון גאנץ רוסלאנד. די פאָלגן פון די געשעענישן פונעם 18 מערץ 1848 יאָר האָבן באַפרײַט איטאליע און דײַטשלאנד פון דער דאָזיקער שאנד; אויב אין משך פון 1848 יאָר ביז 1871 יאָר זײַנען אָט די צוויי גרויסע נאציעס ווידער אויפגעשטעלט געוואָרן און האָבן אזוי אָדער אנדערש ווידער באקומען זעלבשטענדיקײַט, איז עס געשען, ווי ס'האָט געזאָגט קארל מארקס, דערפאר, ווײַל די זעלביקע מענטשן, וואָס האָבן דערשטיקט די רעוואָלוציע פון 1848 יאָר, זײַנען קעגן זייער אייגענעם ווילן געווען אירע צוואה-אויספילער.

אומעטום האָט די דאָזיקע רעוואָלוציע געמאכט דער ארבעטער-קלאס: דער ארבעטער-קלאס האָט געבויט באריקאדעס און האָט מקריב געווען זײַן לעבן. אָבער נאָר די פאריזשער ארבעטער האָבן, בײַם אראָפוואַרפן די רעגירונג, געהאט א פעסטע כונה אראָפצוּוואַרפן אויך דעם בורזשואזן רעזשים. דאָך, כאָטש זיי האָבן שוין באגריפן דעם אומפארמײַדלעכן אנטאגאָניזם, וואָס עקזיסטירט צווישן זייער אייגענעם קלאס און דער בורזשואזיע, האָבן סײַ די עקאָנאָמישע אנטוויקלונג פונעם לאנד סײַ דער אינטעלעקטועלער ניוואָ פון דער מאסע פראנצויזישע ארבעטער נאָך ניט דערגרייכט צו יענער שטופע, אויף וועלכער ס'וואָלט מעגלעך געווען די סאָציאלע איבערגעשטאלטונג. דעריבער האָט פון די פרוכטן פון דער רעוואָלוציע סוף-כל-סוף גענאָסן דער קלאס קאפיטאליסטן. אין אנדערע לענדער ווידער — אין איטאליע, דײַטשלאנד, עסטרײַך — האָבן

די ארבעטער פון אָנהייב אָן געטאָן בלויז איין זאך: זיי האָבן מיט-
געהאָלפן דער בורזשואזיע קומען צו דער מאכט. אין קיין שום
לאנד איז אָבער די הערשאפט פון דער בורזשואזיע ניט מעגלעך
אָן נאציאָנאלער אומאָפּהענגיקייט. די רעוואָלוציע פונעם 1848
יאָר האָט דעריבער געמוזט ברענגען צו איינקייט און אומאָפּהענ-
גיקייט יענע נאציעס, וואָס האָבן עס ביז דאן ניט פארמאָגט:
איטאליע, דייטשלאנד, אונגארן. איצט איז געקומען די ריי פאר
פוילן.

אלזאָ, אויב די רעוואָלוציע פון 1848 יאָר איז אפילו ניט גע-
וועזן קיין סאָציאַליסטישע, האָט זי דאָך אָפּגערייניקט דעם וועג,
צוגעגרייט דעם באָדן פאר דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע.
דער בורזשואזער רעזשים, וואָס האָט ארויסגערופן אן אויפ-
שטייג פון דער גרויס-אינדוסטריע אין אלע לענדער, האָט צוזא-
מען דערמיט אין די לעצטע פינף און פערציק יאָר אומעטום גע-
שאפן א צאָלרייכן, באהעפטן און שטארקן פּראָלעטאריאט; ער
האָט אזוי-ארום געשאפן, לויטן אויסדרוק פון „מאניפעסט“, זיי-
נע אייגענע קברנים. אָן דער אויפשטעלונג פון דער אומאָפּהענ-
גיקייט און איינהייט פון יעדער איינצלנער נאציע איז ניט מעגלעך
ניט די אינטערנאציאָנאלע פאראייניקונג פונעם פּראָלעטאריאט,
ניט די פרידלעכע און באוואוסטזיניקע מיטארבעט פון די דאָזי-
קע נאציעס צוליב דער דערגרייכונג פון די געמיינזאמע צילן.
פּרואווט זיך פאָרשטעלן א וועלכע-ניט-איז געמיינזאמע אינטער-
נאציאָנאלע אקציע פון די איטאליענישע, אונגארישע, דייטשי-
שע, פוילישע, רוסישע ארבעטער ביי די פּאָליטישע באדינגונגען,
וואָס האָבן געהערשט ביזן 1848 יאָר!

אזוי-ארום זיינען די שלאכטן פונעם 1848 יאָר געוועזן ניט
קיין אומזיסטע. ניט אומזיסט זיינען אדורך אויך די פינף און

פערציק יאָר, וואָס טיילן אונדז אָפּ פון אָט דעם רעוואָלוציאָנערן פעריאָד. די פרוכטן זייַנע הייבן אָן רייַף ווערן, און איך וואָלט נאָר געוואָלט, אַז דאָס דערשייַנען פון אָט דער איטאַליענישער איבערזעצונג זאָל זייַן אַ גוטער אָנזאָגער פונעם זיג פונעם איטאַליענישן פּראָלעטאַריאַט, פּונקט ווי דאָס דערשייַנען פונעם אָריגינאַל איז געווען אַן אָנזאָגער פון דער אינטערנאַציאָנאַלער רעוואָלוציע.

דער „מאַניפעסט" גיט אַ פולשטענדיק גערעכטיקע אָפּשאַצונג פון דער רעוואָלוציאָנערער ראָליע, וואָס דער קאַפּיטאַליזם האָט געשפּילט אין דער פאַרגאַנגענהייַט. די ערשטע קאַפּיטאַליסטישע נאַציע איז געווען איטאַליע. דער סוף פונעם פעאָדאַלן מיטלאַלטער, דער אָנהייב פון דער מאָדערנער קאַפּיטאַליסטישער ערע זייַנען באַצייכנט מיט איינער אַ ריזיקער פיגור. דאָס איז דער איטאַליענער דאַנטע, דער לעצטער דיכטער פונעם מיטלאַלטער און גלייַכצייַטיק דער ערשטער דיכטער פון דער נייַער צייַט. איצט, פּונקט ווי אין 1300 יאָר, קומט אָן אַ נייַע היסטאָרישע ערע. וועט אונדז איטאַליע געבן אַ נייַעם דאַנטע, וואָס וועט פאַראייביקן די געבורט־שעה פון אָט דער נייַער, דער פּראָלעטאַרישער ערע?

פרידריך ענגעלס

לאָנדאָן, 1 פעברואַר 1893 י.

# מאניפעסט
# פון דער קאָמוניסטישער
# פארטיי



א געשפּענסט גייט אום אין אייראָפּע — דאָס געשפּענסט פון קאָמוניזם. אַלע כוחות פון דער אַלטער אייראָפּע האָבן זיך פאַראייניקט צוליב א הייליקן העצע־געיעג קעגן דעם דאָזיקן געשפּענסט: דער פּויפּסט און דער צאַר, מעטערניך און גיזאָ, פראַנצויזישע ראַדיקאַלן און דײַטשישע פּאָליציי־לײַט.

וואו איז די אָפּאָזיציאָנעלע פּאַרטיי, וועגן וועלכער אירע רעגירנדיקע קעגנער זאָלן ניט שרײַען, אז זי איז א קאָמוניסטישע? וואו איז די אָפּאָזיציאָנעלע פּאַרטיי, וואָס זאָל ניט האָבן צוריקגעשלײַדערט סײַ די מער פאָרגעשריטענע פאָרשטייער פון דער אָפּאָזיציע סײַ די רעאַקציאָנערע קעגנער אירע דעם באַליידיקנדיקן פאָרוואורף, אז זיי זײַנען קאָמוניסטיש?

צוויי זאַכן דרינגען אַרויס פון דעם דאָזיקן פאַקט.

אַלע אייראָפּעיִשע מאכטן אָנערקענען שוין דעם קאָמוניזם פאר א קראפט.

עס איז שוין לאנג צייט, אז די קאָמוניסטן זאָלן אָפן פאר דער גאנצער וועלט פּראָקלאמירן זייערע אָנשויאונגען, זייערע צילן, זייערע שטרעבונגען און קעגנשטעלן דער באָבע-מעשה וועגן א געשפּענסט פון קאָמוניזם א מאניפעסט פון דער פּארטיי גופא.

מיט דעם צוועק האָבן זיך קאָמוניסטן פון פארשיידנסטע נאציאָנאליטעטן פארזאמלט אין לאָנדאָן און האָבן צונויפגע-שטעלט דעם דאָזיקן מאניפעסט, וועלכער ווערט פארעפנטלעכט אין דער ענגלישער, פראנצויזישער, דייטשישער, איטאליענישער, פלעמישער און דענישער שפּראכן.

# I

# בורזשוא
# און
# פראָלעטאריער[1]

די געשיכטע פון אלע ביז־איצטיקע געזעלשאפטן[2] איז געווען די געשיכטע פון קלאסן־קאמף.

---

1 מיטן וואָרט בורזשואזיע ווערט געמיינט דער קלאס מאָדערנע קאפיטאליסטן, וועלכע זײַנען די אייגנטימער פון די מיטלען פון דער געזעלשאפטלעכער פראָדוקציע און באנוצן זיך מיט לוין־ארבעט. מיטן וואָרט פראָלעטאריאט ווערט געמיינט דער קלאס מאָדערנע לוין־ארבעטער, וואָס האָבן ניט קיין אייגענע פראָדוציר־מיטלען און זײַנען, כדי צו לעבן, געצוואונגען צו פארקויפן זייער ארבעטס־קראפט. (ע נ ג ע ל ס ע ס אָ נ מ ע ר ק ו נ ג צו דער ע נ ג ל י ש ע ר א ו י ס ג א ב ע פ ו ן 1888 י אָ ר.)

2 דאָס הייסט, די גאנצע געשיכטע, וואָס איז צו אונדז דערגאנגען אין ש ר י פ ט ל ע כ ע דאָקומענטן. אין 1847 יאָר איז נאָך די פאָרגעשיכטע פון דער געזעלשאפט, די געזעלשאפטלעכע אָרגאניזאציע, וואָס איז געווען פריִער פאר יעט־ווידער געשריבענער געשיכטע, געווען אזוי גוט ווי אומבאקאנט. פון דעמלט אָן האָט האקסטהאוזען אנטדעקט דאָס געמיינדישע ערד־אייגנטום אין רוסלאנד, מאורער האָט דערוויזן, אז דאָס איז געווען דער געזעלשאפטלעכער יסוד, וואָס האָט גע־דינט אלס אויסגאנגס־פונקט פאר דער געשיכטלעכער אנטוויקלונג פון אלע דײַטשי־

פרײַער און שקלאַף, פּאַטריציער און פּלעבײער, פּריץ און לײַב־אײגענער, צעך־מײַסטער [1] און געזעל, קורץ — אונטערדריקער און אונטערדריקטע זײַנען שטענדיק געשטאַנען אין קעגנזאַץ אײנע צו די אַנדערע, האָבן געפירט אַן אומאױפהערלעכן, אַמאָל אַ באַהאַלטענעם, אַמאָל אַן אָפענעם קאַמף, אַ קאַמף, װאָס פלעגט זיך יעדעס מאָל פאַרענדיקן מיט אַ רעװאָלוציאָנערער איבערגעשטאַלטונג פון דער גאַנצער געזעלשאַפט אָדער מיטן געמײנזאַמען אונטערגאַנג פון די קעמפנדיקע קלאַסן.

אין די פריערדיקע עפּאָכעס פון דער געשיכטע געפינען מיר כמעט אומעטום אַ פולשטענדיקע צעגלידערונג פון דער געזעלשאַפט אױף פאַרשײדענע שטאַנדן, אַ פילאַרטיקן לײטער פון געזעלשאַפטלעכע לאַגעס. אינעם אַלטן רױם האָבן מיר פּאַטריציער, רײַטער, פּלעבײער, שקלאַפן; אין מיטלאַלטער — פעאָדאַלע האַרן, װאַסאַלן, צעך־מײַסטערס, געזעלן, לײַב־אײגענע און דערצו נאָך כמעט אין יעדן פון די דאָזיקע קלאַסן װידער באַזונדערע גראַדאַציעס.

שע שבטים, און ביסלעכװײַז האָט מען אױסגעפונען, אַז דאָרף־געמײנדעס מיט געמײנזאַמען ערד־באַזיץ איז איצט אָדער אין דער פאַרגאַנגענהײַט אומעטום געװען די אורפאָרם פון דער געזעלשאַפט — פון אינדיע ביז אירלאַנד. די אינערלעכע אָרגאַניזאַציע פון אָט דער פּרימיטיװער קאָמוניסטישער געזעלשאַפט, אין איר טיפּישער פאָרם, האָט באַװיזן מאָרגאַן, װעלכער האָט צולעצט אַנטדעקט די אמתע נאַטור פונעם שטאַם און דאָס אָרט פונעם שטאַם אינעם שבט. מיט דער צעפאַלונג פון אָט דער אוראַלטער געמײנדע הײבט זיך אָן די שפּאַלטונג פון דער געזעלשאַפט אױף באַזונדערע און, כּוף־כּל־סוף, אײנער דעם אַנדערן אַנטאַגאָניסטישע קלאַסן. דעם דאָזיקן צעפאַלונג־פּראָצעס האָב איך געפּרוּװט באַשרײַבן אין דעם בוך „Der Ursprung der Familie, des Privateigenthums und des Staats" 2nd edit., Stuttgart, 1886. [זע פ. ענגעלס, „אַנטשטײונג פון דער פאַמיליע, פּריװאַט־אײגנטום און מלוכה". ק. מאַרקס און פ. ענגעלס, װערק, ב. XVI, ט. I (רוסיש)] (ענגעלס'עס אַנמערקונג צו דער ענגלישער אױסגאַבע פון 1888 יאָר.)

1 צעך־מײַסטער — דאָס איז אַ פולבאַרעכטיקטער מיטגליד פון צעך, אַ מײַסטער אין צעך, און ניט דער עלטסטער אין צעך. (ענגעלסעס אַנמערקונג צו דער ענגלישער אױסגאַבע פון 1888 יאָר.)

# Manifest

der

# Kommunistischen Partei.

Veröffentlicht im Februar 1848.

---

Proletarier aller Länder vereinigt euch.

---

London.

Gedruckt in der Office der „Bildungs-Gesellschaft für Arbeiter"
von J. E. Burghard.
46, Liverpool Street, Bishopsgate.

הילע פונעם „מאניפעסט פון דער קאָמוניסטישער פארטיי".
אויסגאבע פון 1848 יאָר.

די מאָדערנע בורזשואזע געזעלשאפט, וואָס איז ארויס פונעם שוים פון דער אונטערגעגאנגענער פעאָדאלער געזעלשאפט, האָט ניט פארניכטעט די קלאסן־קעגנזאצן. זי האָט בלויז געבראכט נייַע קלאסן, נייַע באדינגונגען פון אונטערדריקונג, נייַע פאָרמען פון קאמף אָנשטאָט די אלטע.

אונדזער עפּאָכע, די עפּאָכע פון דער בורזשואזיע, צייכנט זיך אָבער אויס דערמיט, וואָס זי האָט די קלאסן־קעגנזאצן פאראיינ־פאכט: די גאנצע געזעלשאפט צעשפּאלט זיך אלץ מער און מער אויף צוויי גרויסע פייַנטלעכע לאגערן, אויף צוויי גרויסע קלאסן, וואָס שטייען דירעקט איינער קעגן דעם אנדערן: בור־זשואזיע און פּראָלעטאריאט.

פון די מיטלאלטערלעכע לייַב־אייגענע איז ארויסגעקומען די פרייַע באפעלקערונג פון די ערשטע שטעט; פון אָט דעם דאָזיקן בירגער־שטאנד האָבן זיך אנטוויקלט די ערשטע עלע־מענטן פון דער בורזשואזיע.

די אנטדעקונג פון אמעריקע און פון דעם ים־וועג ארום אפריקע האָט געשאפן פאר דער אויפקומענדיקער בורזשואזיע א נייַע ארענע. דער אָסט־אינדישער און כינעזישער מארק, די קאָ־לאָניזירונג פון אמעריקע, דער אויסטויש מיט די קאָלאָניעס, די פארמערונג פון די אויסטויש־מיטלען און פון די סחורות בכלל האָט געבראכט צו אן אומגעהערטן אויפשוואונג פונעם האנדל, פון דעם ים־פארקער, פון דער אינדוסטריע און דורך דעם אויך צו א שנעלער אנטוויקלונג פונעם רעוואָלוציאָנערן עלעמענט אין דער צעפאלנדיקער פעאָדאלער געזעלשאפט.

דער פריערדיקער פעאָדאלער אָדער צעכישער אופן פון דער אינדוסטריע האָט שוין מער ניט געקאָנט באפרידיקן דעם נאָכ־פרעג, וואָס איז געוואקסן אדאנק די נייַע מערק. זייַן אָרט האָט

פארנומען די מאנופאקטור. די צעך־מייסטערס זיינען ארויסגע־שטויסן געוואָרן דורך דעם אינדוסטריעלן מיטלשטאנד; די אר־בעט־צעטיילונג צווישן די פארשיידענע קאָרפּאָראציעס איז פאר־שוואונדן געוואָרן און האָט אָפּגעטראָטן דאָס אָרט דער ארבעט־צעטיילונג אין דעם איינצלנעם ווארשטאט גופא.

די מערק זיינען אָבער כסדר געוואקסן, דער נאָכפרעג איז אלץ גרעסער געוואָרן. אויך די מאנופאקטור האָט אים שוין מער ניט באפרידיקט. דאן האָבן דער דאמף און די מאשינעס רע־וואָלוציאָניזירט די אינדוסטריעלע פּראָדוקציע. דאָס אָרט פון דער מאנופאקטור האָט פארנומען די מאָדערנע גרויס־אינדוס־טריע, דאָס אָרט פון דעם אינדוסטריעלן מיטלשטאנד האָבן פאר־נומען די אינדוסטריעלע מיליאָנערן, די אָנפירער פון גאנצע אינ־דוסטריעלע ארמייען — די מאָדערנע בורזשוא.

די גרויס־אינדוסטריע האָט געשאפן דעם וועלט־מארק, וואָס איז צוגעגרייט געוואָרן דורך דער אנטדעקונג פון אמעריקע. דער וועלט־מארק האָט געבראכט צו א קאָלאָסאלער אנטוויקלונג פו־נעם האנדל, פון דעם ים־פארקער, פונעם יבשה־פארקער. דאָס ווידער האָט צוריקגעווירקט אויף דער פארברייטערונג פון דער אינדוסטריע, און אין דער זעלביקער מאָס, אין וועלכער עס האָבן זיך פארברייטערט די אינדוסטריע, דער האנדל, דער ים־פארקער, די אייזנבאנען, האָט זיך אנטוויקלט די בורזשואזיע; זי האָט פארמערט אירע קאפיטאלן און האָט אָפּגעשטויסן אין הינטערגרונט אלע קלאסן, וואָס זיינען פארבליבן בירושה פון מיטלאלטער.

מיר זעען אלזאָ, אז די מאָדערנע בורזשואזיע גופא איז א פּראָדוקט פון א לאנגן אנטוויקלונגס־גאנג, פון א ריי איבערקע־רענישן אין דעם אופן פון פּראָדוקציע און אויסטויש.

יעדע פון די דאָזיקע אנטוויקלונג־שטופּעס פון דער בורזשואַזיע איז באגלייט געוואָרן מיט אן אנטשפּרעכיקן פּאָליטישן דערפאָלג*. אן אונטערדריקטער שטאנד ביי דער הערשאפט פון די פעאָדאלן, א באוואָפנטע און זיך זעלבסט־פּארוואלטנדיקע אסאָציאציע אין דער קאָמונע [1], דאָ — אן אומאָפּהענגיקע שטאָטישע רעפּובליק, דאָרט — דער דריטער שטייער־פּליכטיקער שטאנד פון דער מאָנארכיע**, דערנאָך, אינעם פּעריאָד פון דער מאנופאקטור, — א קעגן־געוויכט קעגן דעם אדל אין דער שטאנדישער אָדער אין דער אבסאָלוטער מאָנארכיע און דער הויפּט־יסוד פון די גרויסע מאָנארכיעס בכלל, — האָט די בורזשואזיע, סוף־כל־סוף, זינט עס איז געשאפן געוואָרן די גרויס־אינדוסטריע און דער וועלט־מארק, אויסגעקעמפט פאר זיך אין דער מאָדערנער פארטרעטערשאפט־מלוכה די אויסשליסלעכע פּאָליטישע הערשאפט. די מאָדערנע מלוכה־מאכט איז ניט מער ווי א קאָמיטעט, וואָס פארוואלטעט מיט די געמיינזאמע געשעפטן פונעם גאנצן בורזשואזן קלאס.

---

* אין דער ענגלישער אויסגאבע פון 1888 יאָר, וואָס ענגעלס האָט רעדאגירט, זיינען נאָכן וואָרט „דערפאָלג“ צוגעגעבן די ווערטער: „פון דעם דאָזיקן קלאס“. רעד.

[1] „קאָמונעס“ האָבן זיך אין פראנקרייך גערופן די אויפקומענדיקע שטעט, אפילו איידער זיי האָבן נאָך ביי זייערע פעאָדאלע הערשער און הארן אויסגעקעמפט די אָרטיקע זעלבסט־פארוואלטונג און די פּאָליטישע רעכט אלס „דריטער שטאנד“. בכלל גערעדט, איז דאָ אלס טיפּיש לאנד פאר דער עקאָנאָמישער אנטוויקלונג פון דער בורזשואזיע גענומען ענגלאנד, אלס טיפּיש לאנד פאר דער פּאָליטישער אנטוויקלונג פון דער בורזשואזיע — פראנקרייך. (ענגעלסעס אָנמערקונג צו דער ענגלישער אויסגאבע פון 1888 יאָר.)

קאָמונע — אזוי פלעגן די שטאָטישע בירגער אין איטאליע און פראנקרייך רופן זייער שטאָטישע געמיינדע, נאָך דעם, ווי זיי האָבן אָפּגעקויפט אָדער אויסגעקעמפט ביי זייערע פעאָדאלע הארן די ערשטע רעכט אויף זעלבסט־פארוואלטונג. (ענגעלסעס אָנמערקונג צו דער דייטשישער אויסגאבע פון 1890 יאָר.)

** אין דער ענגלישער אויסגאבע פון 1888 יאָר זיינען נאָך די ווערטער: „אומאָפּהענגיקע שטאָטישע רעפּובליק“ צוגעגעבן די ווערטער: „(ווי אין איטאליע און דייטשלאנד)“, און נאָך די ווערטער: „דער דריטער שטייער־פּליכטיקער שטאנד פון דער מאָנארכיע“ — „(ווי אין פראנקרייך)“. רעד.

די בורזשואזיע האָט געשפּילט אין דער געשיכטע א העכסט רעוואָלוציאָנערע ראָליע.

די בורזשואזיע, וואו זי איז געקומען צו דער הערשאפט, האָט זי צעשטערט אלע פעאָדאלע, פאטריארכאלע, אידילישע פארהעלטענישן. זי האָט אָן רחמנות צעריסן די בונטפארביקע פעאָדאלע פענטעס, וואָס פלעגן צובינדן דעם מענטשן צו זיינע „נאטירלעכע הערשער“, און זי האָט ניט איבערגעלאָזן קיין שום אנדער פארבינדונג צווישן מענטש און מענטש, א חוץ דעם נאקעטן אינטערעס, די הארצלאָזע „מזומנים“. דעם הייליקן צאפּל פון רעליגיעזער התלהבות, פון ריטערלעכער באגייסטערונג, פון בעל־הביתלדיקער סענטימענטאלקייט האָט זי דערטרונקען אין דעם אייז־קאלטן וואסער פון עגאָיסטישער אויסגערעכנטקייט. די פערזענלעכע ווירדע האָט זי פארוואנדלט אין א טויש־ווערט, און די פילצאָליקע געשענקטע און וואויל־דערוואָרבענע פרייהייטן האָט זי פארביטן *בלויז* אויף דער געוויסנלאָזער פרייהייט פון האנדל. מיט איין וואָרט, די עקספּלואטאציע, וואָס איז געווען איינגעהילט אין רעליגיעזע און פּאָליטישע אילוזיעס, האָט זי פארביטן אויף אָן אָפענער, אומפארשעמטער, דירעקטער, הארצלאָזער עקספּלואטאציע.

די בורזשואזיע האָט אראָפּגעריסן די שיין פון הייליקייט ביי אלע מינים באשעפטיקונגען, אויף וועלכע מען האָט ביז אהער געקוקט מיט יראת־הכבוד. דעם דאָקטער, דעם יוריסט, דעם גלח, דעם פּאָעט, דעם מאן פון וויסנשאפט האָט זי פארוואנדלט אין אירע באצאָלטע לוין־ארבעטער.

די בורזשואזיע האָט אראָפּגעריסן פון די פאמיליען־פארהעלטענישן דעם רירנדיק־סענטימענטאלן שלייער און האָט זיי פארוואנדלט אין א פּשוטער געלט־פארהעלטעניש.

די בורזשואזיע האָט אויפגעדעקט, אז די ברוטאלע קראפט-אָנווענדונג אינעם מיטלאלטער, וועלכע רופט ביי דער רעאקציע ארויס אזוינע התפעלות, האָט געהאט א פאסיקע דערגאנצונג אין דער מוראדיקער פוילקייט. ערשט זי האָט באוויזן, וואָס דעם מענטשנס טעטיקייט איז אימשטאנד צו שאפן. זי האָט געשאפן גאנץ אנדערע וואונדער-ווערק איידער די עגיפטישע פיראמידעס, די רוימישע וואסערלייטונגען און די גאָטישע קאטעדראלן; זי האָט דורכגעפירט גאנץ אנדערע מארשן איידער די פעלקער-וואנדערונגען און די קרייץ-צוגן.

די בורזשואזיע קאָן ניט עקזיסטירן, ניט רעוואָלוציאָניזירנדיק כסדר די פראָדוציר-געצייג און במילא אויך די פראָדוציר-פארהעלטענישן, און דאָס הייסט, אויך אלע געזעלשאפטלעכע פארהעלטענישן. איינהיטן אומפארענדערט דעם אלטן פראָדוציר-אופן איז, פארקערט, געווען דער ערשטער באדינג פאר דער עקזיסטענץ פון אלע פריִערדיקע אינדוסטריעלע קלאסן. כסדרדיקע איבערקערענישן אין דער פראָדוקציע, אומאויפהערלעכע אויפטרייסלונגען פון אלע געזעלשאפטלעכע פארהעלטענישן, אייביקע אומזיכערקייט און באוועגונג צייכענען אויס די בורזשואזע עפּאָכע פון אלע פריִערדיקע. אלע פארגליווערטע, פארשימלטע פארהעלטענישן מיט זייערע באגלייטער — די דורך דור-דורות פארהייליקטע פאָרשטעלונגען און אָנשויאונגען — ווערן צעשטערט, אלדאָס נייע, וואָס קומט אויף, ווערט פארעלטערט, איידער עס באוויזט נאָך פארשטארט צו ווערן. אלדאָס שטאנדישע און שטייענדיקע ווערט אויסגעוועפּט, אלדאָס הייליקע ווערט פארשוועכט, און די מענטשן ווערן ענדלעך געצוואונגען מיט ניכטערע אויגן צו באטראכטן זייער לעבנס-לאגע, זייערע קעגנזייטיקע באציאונגען.

די באַדערפֿעניש אין א כסדר אַלץ מער זיך פאַרברייטערנ־דיקן אָפּזאַץ פאַר אירע פּראָדוקטן יאָגט ארום די בורזשואַזיע איבער דעם גאַנצן ערדקײַלעך. אומעטום מוז זי אַרײַנדרינגען, אומעטום זיך פאַרפּונדעווען, אומעטום אײַנשטעלן פאַרבינדונגען.

די בורזשואַזיע האָט דורך איר עקספּלואַטאַציע פונעם וועלט־מאַרק געמאַכט די פּראָדוקציע און דעם געברויך פון אַלע לענ־דער קאָסמאָפּאָליטיש. צום גרויסן באַדויערן פון די רעאַקציאָנערן האָט זי אַרויסגעריסן בײַ דער אינדוסטריע דעם נאַציאָנאַלן באָדן פון אונטער די פיס. די פּאַרצײַטיקע נאַציאָנאַלע אינדוסטריע־צווײַגן זײַנען פאַרניכטעט געוואָרן און ווערן נאָך טאָג־טעגלעך פאַרניכטעט. זיי ווערן אַרויסגעשטויסן דורך נײַע אינדוסטריע־צווײַגן, וואָס דאָס אײַנפירן זיי ווערט א לעבנס־פראַגע פאַר אַלע ציוויליזירטע נאַציעס,—אינדוסטריע־צווײַגן, וואָס באַאַרבעטן שוין ניט קיין היימישע רוישטאָפן, נאָר רוישטאָפן, וועלכע ווערן גע־בראַכט פון די ווײַטסטע קאַנטן פון דער וועלט און וואָס די פאַ־בריקאַטן זייערע ווערן פאַרברויכט ניט נאָר אין לאַנד גופא, נאָר אין אַלע טיילן פון דער וועלט. אָנשטאָט די אַלטע באַדער־פעענישן, וואָס פלעגן באַפרידיקט ווערן דורך אָרטיקע פּראָדוקטן, קומען אויף נײַע, וואָס אויף צו באַפרידיקן זיי פאָדערן זיך פּראָ־דוקטן פון די ווײַטסטע לענדער און פאַרשיידנסטע קלימאַטן. אָנ־שטאָט דער אַלטער אָרטיקער און נאַציאָנאַלער אָפּגעשלאָסנקײַט און דער עקזיסטענץ אויפן חשבון פון די פּראָדוקטן פון איי־גענער אויסאַרבעטונג אַנטשטייט אַן אַלזײַטיקער פאַרקער, אַן אַל־זײַטיקע אָפּהענגיקײַט פון די נאַציעס איינע פון דער אַנ־דערער. און פּונקט ווי אין דער מאַטעריעלער פּראָדוק־ציע, אַזוי איז עס אויך אין דער גײַסטיקער. די גײַסטיקע פּראָדוקטן פון איינצלנע נאַציעס ווערן אַן אַלגעמיין פאַרמעגן.

די נאציאָנאלע איינזייטיקייט און באגרענעצטקייט ווערן אלץ מער און מער אוממעגלעך, און פון די פיל נאציאָנאלע און אָרטי־קע ליטעראטורן בילדעט זיך אויס איין וועלט־ליטעראטור.

די בורזשואזיע ציט אריין דורך דער שנעלער פארפולקומונג פון אלע פראָדוציר־געצייג, דורך די אָן א שיעור פארלייכטערטע קאָמוניקאציע־מיטלען אלע נאציעס, אפילו די סאמע בארבארי־שע, אין דער ציוויליזאציע. די וואָלוועלע פרייזן פון אירע סחו־רות — דאָס איז די שווערע ארטילעריע, מיט וועלכער זי צע־שמעטערט ביזן גרונט אלע כינעזישע ווענט און צווינגט צו קא־פיטולירן דעם הארטנעקיקסטן האס פון די בארבארן צו די אויס־לענדער. זי צווינגט אלע נאציעס איבערצונעמען דעם פראָדו־ציר־אופן פון דער בורזשואזיע, אויב זיי ווילן ניט אומקומען; זי צווינגט זיי איינצופירן ביי זיך גופא די אזויגערופענע ציווי־ליזאציע, דהי. צו ווערן בורזשוא. מיט איין וואָרט, זי שאפט זיך א וועלט לויט איר אייגענעם געשטאלט.

די בורזשואזיע האָט אונטערגעוואָרפן דאָס דאָרף אונטער דער הערשאפט פון דער שטאָט. זי האָט געשאפן קאָלאָסאלע שטעט, זי האָט אין גאָר א גרויסער מאָס פארמערט די שטאָטישע בא־פעלקערונג לגבי דער דאָרפישער, און אזוי־ארום האָט זי א בא־דייטנדיקן טייל פון דער באפעלקערונג ארויסגעריסן פון דעם אידיאָטיזם פון דאָרפישן לעבן. און פונקט ווי זי האָט דאָס דאָרף געמאכט אָפהענגיק פון דער שטאָט, אזוי האָט זי די בארבארי־שע און האלב־בארבארישע לענדער געמאכט אָפהענגיק פון די ציוויליזירטע, די פויערים־פעלקער — פון די בורזשואזע, דעם מזרח — פון דעם מערב.

די בורזשואזיע פארניכטעט אלץ מער און מער די צעשפלי־טערטקייט פון די פראָדוציר־מיטלען, פונעם אייגנטום און פון

דער באפעלקערונג. זי האָט די באַפעלקערונג אגלאָמערירט [גע־דיכט געמאכט], די פּראָדוציר־מיטלען צענטראליזירט און דאָס אייגנטום קאָנצענטרירט אין א קליינער צאָל הענט. דער נויטווענ־דיקער רעזולטאַט דערפון איז געווען די פּאָליטישע צענטראליזא־ציע. אומאָפּהענגיקע, קוים־קוים נאָר פארבינדעטע פּראָווינצן מיט פארשיידענע אינטערעסן, געזעצן, רעגירונגען און גרענעץ־אָפּצאָלן זיינען פאראייניקט געוואָרן אין א יין נאציע, מיט א יין רעגירונג, מיט א יין געזעץ, מיט א יין נאַציאָנאלן קלאסן־אינטע־רעס, מיט א יין צאָל־גרענעץ־ליניע.

די בורזשואזיע האָט אין משך פון איר קוים הונדערט־יאָרי־קער קלאסן־הערשאפט געשאפן מאסנהאפטערע און קאָלאָסאלע־רע פּראָדוקטיוו־קרעפטן איידער אלע פארגאנגענע דורות צוזא־מען גענומען. דאָס באהערשן די נאטור־קרעפטן, דאָס איינפירן מאשינעס, דאָס אָנווענדן כימיע אין דער אינדוסטריע און אין דער ערד־ארבעט; דאמפשיפעריי, אייזנבאנען, עלעקטרישער טע־לעגראף; דאָס פארוואנדלען אין פּראָדוקטיווע געביטן גאנצע וועלט־טיילן, דאָס שיפבאר מאכן די טייכן; גאנצע מאסן באפעל־קערונג ווי פון דער ערד ארויסגערופענע, — אין וואָס פאר א פריערדיקן יאָרהונדערט האָט מען זיך עס גאָר געקאָנט פאָר־שטעלן, אז אזעלכע פּראָדוקטיוו־קרעפטן דרעמלען אין שויס פון דער געזעלשאפטלעכער ארבעט!

מיר האָבן אלזאָ געזען, אז די מיטלען פון פּראָדוקציע און אויסטויש, וואָס אויף זייער יסוד האָט זיך אויסגעבילדעט די בורזשואזיע, זיינען געשאפן געוואָרן אין דער פעאָדאלער גע־זעלשאפט. אויף א געוויסער אנטוויקלונג־שטופע פון די דאָזיקע מיטלען פון פּראָדוקציע און אויסטויש האָבן די פארהעלטענישן, ביי וועלכע די פעאָדאלע געזעלשאפט האָט פּראָדוצירט און גע־

פירט דעם אויסטויש, די פעאָדאלע אָרגאניזאציע פון דער ערד־ארבעט און אינדוסטריע, מיט איין וואָרט — די פעאָדאלע אייגנטום־פארהעלטעניש, — שוין מער ניט אנטשפּראָכן די אנטוויקלטע פּראָדוקטיוו־קרעפטן. זיי האָבן טאָרמאָזירט די פּראָדוקציע אָנשטאָט צו אנטוויקלען זי. זיי האָבן זיך פארוואנ־דלט אין אירע פענטעס. זיי האָבן געמוזט צעריסן ווערן, און זיי זיינען צעריסן געוואָרן.

זייער אָרט האָט פארנומען די פרייע קאָנקורענץ מיט דער איר אנטשפּרעכיקער געזעלשאפטלעכער און פּאָליטישער אָרדענונג, מיט דער עקאָנאָמישער און פּאָליטישער הערשאפט פונעם בור־זשואזן קלאס.

פאר אונדזערע אויגן קומט פאָר אן ענלעכע באוועגונג. די בורזשואזע פּראָדוציר־ און אויסטויש־פארהעלטעניש, די בור־זשואזע אייגנטום־פארהעלטעניש, די מאָדערנע בורזשואזע גע־זעלשאפט, וואָס האָט ווי מיט א כישוף ארויסגעבראכט אזעלכע גוואלדיקע מיטלען פון פּראָדוקציע און אויסטויש, איז געגליכן צו א כישוף־מאכער, וואָס איז שוין ניט בכוח צו באהערשן די אונטערערדישע כוחות, וועלכע ער האָט מיט זיינע שפּרוכן ארויסגערופן. שוין צענדליקער יאָרן, אז די געשיכטע פון דער אינדוסטריע און פונעם האנדל איז בלויז די געשיכטע פונעם בונט פון די מאָדערנע פּראָדוקטיוו־קרעפטן קעגן די מאָדערנע פּראָדוציר־פארהעלטעניש, קעגן די אייגנטום־פארהעלטעניש, וואָס זיינען די לעבנס־באדינגונגען פון דער בורזשואזיע און פון איר הערשאפט. עס איז גענוג צו דערמאָנען די האנדלס־קריזיסן, וואָס חזרן זיך פּעריאָדיש איבער און שטעלן דערמיט אלץ דראָ־ענדיקער אונטער א פראגע די עקזיסטענץ פון דער גאנצער בורזשואזער געזעלשאפט. בעת די האנדלס־קריזיסן ווערט סיסטע־

מאַטיש פאַרניכטעט א גרויסער טייל ניט נאָר פון די אויסגעארבעטע פּראָדוקטן, נאָר אפילו פון די שוין געשאַפענע פּראָדוקטיוו-קרעפטן. בעת די קריזיסן ברעכט אויס א געזעלשאַפטלעכע עפּידעמיע, וואָס אין אלע פריערדיקע עפּאָכעס וואָלט זי אויסגעזען ווי אן אומזין, — די עפּידעמיע פון איבערפּראָדוקציע. די געזעלשאַפט ווערט מיטאמאָל אָפּגעוואָרפן צוריק צו א צושטאנד פון פלוצלינגדיקן בארבאריזם, גלײַך ווי א הונגער אָדער אן אלגעמיינע פארוויסטנדיקע מלחמה וואָלט זי אָפּגעשניטן פון אלע לעבנס-מיטלען; עס דוכט זיך, אז די אינדוסטריע, דער האנדל זײַנען פאַרניכטעט, — און פאַרוואָס? ווײַל די געזעלשאַפט פאַרמאָגט צופיל ציוויליזאציע, צופיל לעבנס-מיטלען, צופיל אינדוסטריע, צופיל האנדל. די פּראָדוקטיוו-קרעפטן, וואָס זי האָט אין איר רשות, דינען מער ניט אויף צו אנטוויקלען די בורזשואזע ציוויליזאציע און* די בורזשואזע אייגנטום-פארהעלטענישן; פארקערט, זיי זײַנען געוואָרן צו גרויס פאַר די דאָזיקע פארהעלטענישן, זיי ווערן דורך די דאָזיקע פארהעלטענישן טאָרמאָזירט; און ווי נאָר די פּראָדוקטיוו-קרעפטן הייבן אָן גובר זײַן די דאָזיקע שטערונגען, אזוי ברענגען זיי די גאנצע בורזשואזע געזעלשאַפט אין אומאָרדענונג, שטעלן אין געפאַר די עקזיסטענץ פונעם בורזשואזן אייגנטום. די בורזשואזע פארהעלטענישן זײַנען געוואָרן צו ענג אויף ארײַנצונעמען דאָס רײַכטום, וואָס זיי האָבן געשאַפן. — ווי אזוי איז די בורזשואזיע גובר די קריזיסן? פון איין זײַט, דורך דער געצוואונגענער פאַרניכטונג פון א מאַסע פּראָדוקטיוו-קרעפטן; פון דער אנדערער זײַט, דורך דער

* אין די ווײַטערדיקע אויסגאַבעס, אָנגעהויבן פון דער דײַטשישער אויסגאַבע פון 1872 י., זײַנען די ווערטער: „די בורזשואזע ציוויליזאציע און" דורכגעלאָזט.
ר ע ד.

דעראָבערונג פון נײַע מערק און דורך א מער גרינטלעכער עקס־פּלואטאציע פון די אלטע מערק. איז, הייסט עס, ווי אזוי? דורך דעם, וואָס זי גרייט צו נאָך אלזײַטיקערע און גוואלדיקערע קרי־זיסן און פארמינערט די מיטלען, וואָס וואָרענען פון קריזיסן.

דאָס געווער, מיט וועלכן די בורזשואזיע האָט אראָפּגעוואָרפן דעם פעאָדאליזם, ווענדט זיך איצט קעגן דער בורזשואזיע גופא.

די בורזשואזיע האָט אָבער ניט נאָר געשמידט דאָס געווער, וואָס ברענגט איר דעם טויט; זי האָט אויך געשאפן די מענטשן, וואָס וועלן מיט דעם דאָזיקן געווער קעמפן,—די מאָדערנע ארבע־טער, די פּראָלעטאריער.

אין דער זעלביקער מאָס, אין וועלכער עס אנטוויקלט זיך די בורזשואזיע, דה. דער קאפּיטאל, אין דער זעלביקער מאָס אנט־וויקלט זיך דער פּראָלעטאריאט, דער קלאס מאָדערנע ארבעטער, וואָס קאָנען עקזיסטירן אזוי לאנג, ווי זיי קריגן ארבעט, און וואָס קריגן ארבעט אזוי לאנג, ווי זייער ארבעט פארמערט דעם קא־פּיטאל. אָט די ארבעטער, וואָס זײַנען געצוואונגען צו פארקויפן זיך אויפן שטיק, זײַנען א סחורה, פּונקט ווי יעטווידער אנדער האנדלס־ארטיקל, און דעריבער מוזן זיי אין דער זעלבער מאָס אויסשטיין אלע צופעליקייטן פון קאָנקורענץ, אלע וואקלונגען פו־נעם מארק.

די ארבעט פון די פּראָלעטאריער האָט מחמת דער פאר־שפּרייטונג פון מאשינעס און דער צעטיילונג פון דער ארבעט פארלאָרן אינגאנצן איר זעלבשטענדיקן כאראקטער און דערמיט אויך יעדן חן פארן ארבעטער. דער ארבעטער ווערט א פּשוט־טער צוגאָב צו דער מאשין, פון אים פאָדערן זיך בלויז די איינפאכסטע, איינארטיקסטע באוועגונגען, וועלכע עס איז ביז גאָר גרינג זיך אויסצולערנען. די קאָסטן, וואָס מען דארף אויס־

געבן אויפן ארבעטער, באגרענעצן זיך דעריבער כמעט נאָר מיט די לעבנס־מיטלען, וואָס ער דאַרף האָבן אויף אונטערצוהאַלטן זײַן קיום און צו שאַפן א נײַעם דור. די פּרײַז אָבער פון א סחורה און, הייסט עס, אויך פון דער ארבעט *, איז גלײַך צו אירע פּראָדוציר־קאָסטן. דעריבער איז אין דער זעלביקער מאָס, ווי עס וואַקסט דער אומחן צו דער ארבעט, אין ־ער זעלביקער מאָס פאַלט דער ארבעט־לוין. נאָך מער: אין דער זעלביקער מאָס, ווי עס וואַקסן די אָנווענדונג פון מאַשינעס און די ארבעט־צעטיילונג, אין דער זעלביקער מאָס וואַקסט אויך די מאַסע ** ארבעט, — אָדער דורך דער פאַרמערונג פון די אר־בעט־שעה, אָדער דורך דער פאַרמערונג פון דעם סכום ארבעט, וואָס פאָדערט זיך אין א באַשטימטער צײַט, אָדער דורך דעם פאַרגיכערטן לויף פון די מאַשינעס אאַו.

די מאָדערנע אינדוסטריע האָט דעם קליינעם וואַרשטאַט פון דעם פּאַטריאַרכאַלן מײַסטער פאַרוואַנדלט אין א גרויסער פאַב־ריק פון דעם אינדוסטריעלן קאַפּיטאַליסט. די ארבעטער־מאַסן, וואָס זײַנען צונויפגעשטיקט אין דער פאַבריק, ווערן אָרגאַניזירט סאָלדאַטיש. אלס פּראָסטע סאָלדאַטן פון דער אינדוסטריע ווערן זיי געשטעלט אונטער דער אויפזיכט פון א גאַנצער היעראַרכיע פון אונטעראָפיצערן און אָפיצערן. זיי זײַנען ניט נאָר קנעכט פון דעם בורזשואַזן קלאַס, פון דער בורזשואַזער מלוכה, נאָר יעדן טאָג און יעדע שעה זײַנען זיי פאַרקנעכטעט בײַ דער מאַשין,

---

* שפּעטער האָט מאַרקס באַוויזן, אז דער ארבעטער פאַרקויפט ניט די ארבעט, נאָר די ארבעטס־קראַפט. זע וועגן דעם ענגעלסעס אַרײַנפיר צו מאַרקס' ווערק „לוין־ארבעט און קאַפּיטאַל". ק. מאַרקס און פ. ענגעלס, ווערק, ב. XVI, ט. 11 (רוסיש), ז. 130. רעד.

** אין דער ענגלישער אויסגאַבע פון 1888 י. איז אָנשטאָט די ווערטער: „די מאַסע ארבעט" אָפּגעדרוקט — „די שווערקייט פון דער ארבעט". רעד.

בײַ דעם אויפזועער און, קודם־כל, בײַ דעם אײנצלנעם בורזשואַ — דעם פאבריקאנט גופא. וואָס אָפענער דער דאָזיקער דעספּאָ־טיזם שטעלט ארויס די באַרײַכערונג אלס זײַן ציל, אלץ קלײנ־לעכער ווערט ער, אלץ מער רופט ער ארויס האס און פארביטע־רונג.

וואָס ווײניקער געשיקטקײַט און כוח עס פאָדערט די האנט־ארבעט, ד.ה. וואָס מער עס אנטוויקלט זיך די מאָדערנע אינ־דוסטריע, אלץ מער ווערט די מענער־ארבעט ארויסגעשטויסן דורך דער ארבעט פון פרויען און קינדער. דער אונטערשייד פון געשלעכט און עלטער האָט שוין מער בנוגע דעם ארבעטער־קלאס קײן שום געזעלשאפטלעכן באטײַט ניט. עס עקזיסטירן בלויז ארבעט־אינסטרומענטן, וואָס פאָדערן פארשײדענע הוצאות, אָפּהענגיק פונעם עלטער און געשלעכט.

ווען די עקספּלואטאציע פונעם ארבעטער מצד דעם פאברי־קאנט איז אויף אזויפיל פארענדיקט, אז דער ארבעטער האָט שוין באקומען אויסגעצאָלט זײַן ארבעטס־לוין מיט מזומן געלט, באפאלן אים דאן די אנדערע טײלן פון דער בורזשואזיע — דער הויזבאזיצער, דער קרעמער, דער וואוכערניק אאז״וו.

די נידעריקע שיכטן פונעם מיטלשטאנד, — די קלײנע אינ־דוסטריעלער, די קלײנע הענדלער און ראנטיע, די בעלי־מלאכות און פויערים, — די אלע קלאסן זינקען אראָפּ אין די רײען פו־נעם פּראָלעטאריאט, טײלווײַז דערפאר, ווײַל זײער קלײנער קא־פּיטאל קלעקט ניט אויף צו פירן א גרויס־אינדוסטריעלע אונ־טערנעמונג און האלט ניט אוים די קאָנקורענץ מיט די גרעסערע קאפּיטאליסטן, און טײלווײַז דערפאר, ווײַל זײער פּראָפעסיאָנעלע געשיקטקײַט פארלירט דעם ווערט בײַ די נײַע אופנים פון פּראָ־

דוקציע. אזוי רעקרוטירט זיך דער פּראָלעטאַריאַט פון אַלע קלאַסן פון דער באַפעלקערונג.

דער פּראָלעטאַריאַט מאַכט דורך פאַרשיידענע אַנטוויקלונג־שטופעס. זײַן קאַמף קעגן דער בורזשואַזיע הייבט זיך אָן צוזאַמען מיט זײַן עקזיסטענץ.

פון אָנהייב קעמפן איינצלנע אַרבעטער, דערנאָך — די אַרבעטער פון איין פאַבריק, דערנאָך — די אַרבעטער פון איין אַרבעט־צווײַג אין איין אָרט קעגן דעם איינצלנעם בורזשואַ, וואָס עקספּלואַטירט זיי דירעקט. זיי גרײַפן אָן ניט נאָר קעגן די בורזשואַזע פּראָדוציר־פאַרהעלטעניש, נאָר אויך קעגן די פּראָדוציר־געצײַג גופא; זיי פאַרניכטן די אויסלענדישע קאָנקורירנדיקע סחורות, זיי צעברעכן די מאַשינעס, זיי צינדן אונטער די פאַבריקן, זיי פּרואוון מיט גוואַלד צוריק אויפשטעלן די אונטערגעגאַנגענע לאַגע פון דעם מיטלאַלטערלעכן אַרבעטער.

אויף דער דאָזיקער שטופע שטעלן די אַרבעטער מיט זיך פאָר א מאַסע, וואָס איז צעשפּרייט איבערן גאַנצן לאַנד און איז צעשפּליטערט דורך דער קאָנקורענץ. און נעמען זיך די אַרבעטער צונויף מאַסנווײַז, איז עס נאָך ניט קיין רעזולטאַט פון זייער אייגענער פאַראייניקונג, נאָר א רעזולטאַט פון דער פאַראייניקונג פון דער בורזשואַזיע, וואָס אויף צו דערגרייכן אירע אייגענע פּאָליטישע צילן מוז זי ברענגען אין באַוועגונג דעם גאַנצן פּראָלעטאַריאַט און איז עס נאָך דערווײַל אימשטאַנד צו טאָן. אויף אָט דער שטופע קעמפן, הייסט עס, די פּראָלעטאַריער ניט קעגן זייערע שונאים, נאָר קעגן די שונאים פון זייערע שונאים — קעגן די רעשטן פון דער אַבסאָלוטער מאָנאַרכיע, די ערד־אייגנטימער, דער ניט־אינדוסטריעלער בורזשואַזיע, די קליינבירגער. די גאַנצע היסטאָרישע באַוועגונג ווערט אזוי־אַרום קאָנצענטרירט

אין די הענט פון דער בורזשואזיע; יעדער זיג, וואָס ווערט אָפּגע־האַלטן אויף אזא אופן, איז א זיג פון דער בורזשואזיע.

אָבער מיט דער אנטוויקלונג פון דער אינדוסטריע וואקסט דער פּראָלעטאריאט ניט נאָר אין צאָל; ער ווערט קאָנצענטרירט אלץ אין גרעסערע מאסן, זיין קראפט וואקסט, און ער פילט זי אלץ מער. די אינטערעסן, די לעבנס־באדינגונגען אינעווייניק אין דעם פּראָלעטאריאט גלייכן זיך אלץ מער אויס, ווייל די מאשינעס ווישן אלץ מער און מער אָפּ די אונטערשיידן צווישן די באזונ־דערע מינים ארבעט און זעצן כמעט אומעטום אראָפּ דעם אר־בעט־לוין אויף א גלייך נידעריקן ניוואָ. די וואקסנדיקע קאָנקו־רענץ פון די בורזשוא צווישן זיך און די האנדלס־קריזיסן, וואָס שטאמען דערפון, מאכן דעם ארבעט־לוין פון די ארבעטער אלץ מער וואקלדיק; די אלץ שנעלער זיך אנטוויקלענדיקע, אָנאויפ־הערלעכע פארפולקומונג פון די מאשינעס מאכט די גאנצע לעבנס־לאגע פון די ארבעטער אלץ אומגעזיכערטער; די צוזא־מענשטויסן צווישן דעם איינצלנעם ארבעטער און דעם איינצל־נעם בורזשוא באקומען אלץ מער דעם כאראקטער פון צוזאמענ־שטויסן צווישן צוויי קלאסן. די ארבעטער הייבן אָן דערפון, וואָס זיי בילדן אויס פאראייניקונגען * קעגן די בורזשוא; זיי טרעטן ארויס געמיינזאם, כדי צו פארטיידיקן זייער ארבעט־לוין. זיי גרינדן אפילו שטענדיקע אסאָציאציעס, כדי צו באזאָרגן זיך מיט לעבנס־מיטלען אויפן פאל פון מעגלעכע צוזאמענשטויסן. ער־טערווייז גייט דער קאמף אריבער אין אויפשטאנדן.

פון צייט צו צייט זיגן די ארבעטער, אָבער דאָס זיינען בלויז פאַראיבערגייענדיקע זיגן. דער ווירקלעכער רעזולטאט פון זייערע

* אין דער ענגלישער אויסגאבע פון 1888 י. איז נאָכן וואָרט „פאראייניקונגען" צוגעגעבן — „(פראָפעסיאָנעלע פאראייניגען)". ר ע ד.

קאמפן איז ניט דער דירעקטער דערפאָלג, נאָר די אלץ מער זיך פארברייטערנדיקע פאראייניקונג פון די ארבעטער. דערצו העלפן מיט די וואקסנדיקע פארקער-מיטלען, וועלכע די גרויס-אינדוסטריע שאפט און וועלכע פארבינדן די ארבעטער פון פארשיידענע געגנטן איינע מיט די אנדערע. בלויז אָט די דאָזיקע פארבינדונג פאָדערט זיך טאקע, כדי די פיל אָרטיקע קאמפן, וואָס טראָגן או-מעטום איין און דעם זעלביקן כאראקטער, זאָלן צענטראליזירט ווערן אין א נאציאָנאלן קאמף, אין א קלאסן-קאמף. יעדער קלאסן-קאמף אָבער איז א פּאָליטישער קאמף. און די פאראייני-קונג, וואָס די בירגער פון מיטלאלטער מיט זייערע דאָרפישע וועגן וואָלטן דערצו געדארפט האָבן יאָרהונדערטער, פארווירק-לעכן די הײַנטיקע פּראָלעטאריער, אדאנק די אײַזנבאנען, אין געציילטע יאָרן.

די דאָזיקע אָרגאניזירונג פון די פּראָלעטאריער אין א קלאס, און דערמיט אויך אין א פּאָליטישער פּארטיי, ווערט אלע ווײַלע אויפסנײַ צעשטערט דורך דער קאָנקורענץ צווישן די ארבעטער גופא. זי אנטשטייט אָבער כסדר ווידעראמאָל און ווידעראמאָל, ווערנדיק שטארקער, פעסטער, מעכטיקער. זי צווינגט, מען זאָל אָנערקענען די באזונדערע אינטערעסן פון די ארבעטער אין דער פאָרם פון געזעצן, און נוצט דערצו אויס די שפּאלטונגען אין דער בורזשואזיע. אזוי איז געווען מיטן געזעץ וועגן צען-שעהיקן ארבעטס-טאָג אין ענגלאנד.

די צוזאמענשטויסן אין דער אלטער געזעלשאפט בכלל העלפן אויף כלערליי אופנים דעם אנטוויקלונגס-גאנג פונעם פּראָלעטאריאט. די בורזשואזיע געפינט זיך שטענדיק אין קאמף: פון אָנהייב — קעגן דער אריסטאָקראטיע, שפּעטער — קעגן די טיילן פון דער בורזשואזיע גופא, וועמענס אינטערעסן עס קומען אין

א ווידערשפּרוך מיט דעם פּראָגרעס פון דער אינדוסטריע, און שטענדיק — קעגן דער בורזשואזיע פון אלע פרעמדע לענדער. אין אָט די אלע קאמפן איז זי געצוואונגען צו אפּעלירן צום פּראָלעטאריאט, רופן אים צו הילף און אזוי־ארום אריינציען אים אין דער פּאָליטישער באוועגונג. אָט אזוי גיט זי אליין איבער דעם פּראָלעטאריאט די עלעמענטן פון איר אייגענער בילדונג *, דה. א געווער קעגן זיך אליין.

ווייטער ווערן, ווי מיר האָבן געזען, דורך דעם פּראָגרעס פון דער אינדוסטריע גאנצע שיכטן פון דעם הערשנדיקן קלאס אראָפּגעשטויסן אין די רייען פון פּראָלעטאריאט אָדער, וויניקסטנס, ווערן זייערע לעבנס־באדינגונגען געשטעלט אין געפאר. אויך זיי ברענגען דעם פּראָלעטאריאט א מאסע בילדונגס־עלעמענטן**.

ענדלעך, אין די צייטן, ווען דער קלאסן־קאמף דערנעענטערט זיך צו אן אנטשיידונג, נעמט אָן דער צעפאלונג־פּראָצעס אינעווייניק אינעם הערשנדיקן קלאס, אינעווייניק אין דער גאנצער אלטער געזעלשאפט אזא העפטיקן, אזא שארפן כאראקטער, אז א קליינער טייל פון דעם הערשנדיקן קלאס זאָגט זיך פון אים אָפּ און שליסט זיך אָן אָן דעם רעוואָלוציאָנערן קלאס, אָן דעם קלאס, וואָס טראָגט אין זיינע הענט די צוקונפט. פּונקט ווי פריער איז א טייל פון דעם אדל אריבערגעגאנגען צו דער בורזשואזיע, אזוי גייט איצטער א טייל פון דער בורזשואזיע אריבער צום פּראָלעטאריאט, נעמלעך, דער טייל פון די בורזשוא — אידעאָלאָגן, וואָס

* אין דער ענגלישער אויסגאבע פון 1888 יאָר איז אָנשטאָט די ווערטער „די עלעמענטן פון איר אייגענער בילדונג" אָפּגעדרוקט — „די עלעמענטן פון איר אייגענער פּאָליטישער און אלגעמיינער בילדונג". ר ע ד.

** אין דער ענגלישער אויסגאבע פון 1888 יאָר איז אָנשטאָט די ווערטער: „בילדונגס־עלעמענטן" אָפּגעדרוקט — „עלעמענטן פון אויפקלערונג און פּראָגרעס". ר ע ד.

האָבן זיך דערהויבן צום טעאָרעטישן פארשטיין די גאנצע היס־טאָרישע באוועגונג.

פון אלע קלאסן, וואָס שטייען ביי היינטיקן טאָג קעגן דער בורזשואזיע, איז בלויז דער פּראָלעטאריאט א ווירקלעך רעוואָלו־ציאָנערער קלאס. די איבעריקע קלאסן קומען אין ירידה און גייען אונטער מיט דער אנטוויקלונג פון דער גרויס־אינדוסטריע, דער פּראָלעטאריאט אָבער איז אירער אן אייגענער פּראָדוקט.

די מיטלשטאנדן: דער קליין־אינדוסטריעלער, דער קליין־הענד־לער, דער האנטווערקער, דער פּויער — זיי אלע קעמפן קעגן דער בורזשואזיע, כדי צו ראטעווען פון אונטערגאנג זייער עקזיס־טענץ אלס מיטלשטאנדן. זיי זיינען, אלזאָ, ניט רעוואָלוציאָנער. נאָר קאָנסערוואטיוו. נאָך מער, זיי זיינען רעאקציאָנער: זיי באַ־מיען זיך א קער צו טאָן די ראָד פון דער געשיכטע אויף צוריק. זיינען זיי יאָ רעוואָלוציאָנער, איז עס אויף אזויפיל, אויף וויפל זיי שטייט פאָר אריבערצוגיין אין די רייען פונעם פּראָלעטאריאט, אויף וויפל זיי פארטיידיקן ניט זייערע איצטיקע, נאָר זייערע צו־קינפטיקע אינטערעסן, אויף וויפל זיי פארלאָזן זייער אייגענעם שטאנדפּונקט, כדי צו שטעלן זיך אויפן שטאנדפּונקט פונעם פּראָלעטאריאט.

דער לומפּן־פּראָלעטאריאט, אָט דער פּאסיווער צעפוילונגס־פּראָדוקט פון די נידעריקסטע שיכטן פון דער אלטער געזעל־שאפט, ווערט ערטערווייז אריינגעצויגן אין דער באוועגונג דורך דער פּראָלעטארישער רעוואָלוציע, אָבער לויט זיין גאנצער לעבנס־לאגע איז ער מער געניינט צו פארקויפן זיך פאר רעאק־ציאָנערע מאכינאציעס.

די לעבנס־באדינגונגען פון דער אלטער געזעלשאפט זיינען שוין פארניכטעט אין די לעבנס־באדינגונגען פונעם פּראָלעטארי־

אַט. דער פּראָלעטאַריער פאַרמאָגט ניט קיין אייגנטום; זײַן באַציאונג צו ווײַב־און־קינד האָט שוין מער קיין שום געמיינזאַמס ניט מיט די בורזשואזע פאַמיליען־באַציאונגען; די מאָדערנע אינדוסטריעלע אַרבעט, דער מאָדערנער יאָך פונעם קאַפּיטאַל, וואָס איז איינער און דער זעלבער אין ענגלאַנד ווי אין פראַנקרײַך, אין אַמעריקע ווי אין דײַטשלאַנד, האָט אין אים אָפּגעמעקט יעטווידן נאַציאָנאַלן כאַראַקטער. די געזעצן, די מאָראַל, די רעליגיע זײַנען פאַר אים ניט מער ווי בורזשואזע פּאָראַורטיילן, הינטער וועלכע עס ליגן פאַרבאָרגן בורזשואזע אינטערעסן.

אַלע פריערדיקע קלאַסן, וואָס האָבן זיך דעראָבערט די הערשאַפט, האָבן זייער שוין דערוואָרבענע לעבנס־לאַגע געשטרעבט צו פאַרפעסטיקן זיך דורך דעם, וואָס זיי האָבן אונטערגעוואָרפן די גאַנצע געזעלשאַפט אונטער די באַדינגונגען, וואָס זיכערן פאַר זיי דעם אופן פון זייער באַרײַכערונג. די פּראָלעטאַריער קאָנען דעראָבערן די געזעלשאַפטלעכע פּראָדוקטיוו־קרעפטן ניט אַנדערש, סײַדן זיי זאָלן אָפּשאַפן זייער אייגענעם ביז איצטיקן אופן פון אָנאייגענונג און דערמיט אויך דעם גאַנצן ביז איצטיקן אופן פון אָנאייגענונג. די פּראָלעטאַריער האָבן ניט קיין שום אייגנס, וואָס זיי זאָלן דאַרפן אָפּהיטן, זיי דאַרפן צעשטערן אַלץ, וואָס האָט ביז איצט באַשיצט און געזיכערט דאָס פּריוואַט־אייגנטום.

אַלע ביז איצטיקע באַוועגונגען זײַנען געווען באַוועגונגען פון מינדערהייטן אָדער אין די אינטערעסן פון מינדערהייטן. די פּראָלעטאַרישע באַוועגונג איז די זעלבשטענדיקע באַוועגונג פון דער קאָלאָסאַלער מערהייט אין די אינטערעסן פון דער קאָלאָסאַלער מערהייט. דער פּראָלעטאַריאַט, דער אונטערשטער שיכט פון דער איצטיקער געזעלשאַפט, קאָן זיך ניט דערהייבן, קאָן ניט אויפגעריכט ווערן, אויב דער גאַנצער אויבערבוי פון

די שיכטן, וואָס בילדן די אָפּיציעלע געזעלשאַפט, זאָל ניט אויפֿ־ געריסן ווערן.

אויב ניט לויטן אינהאַלט, איז לויט דער פֿאָרם דער קאַמף פֿונעם פּראָלעטאַריאַט קעגן דער בורזשואַזיע צוערשט אַ קאַמף אַ נאַציאָנאַלער. דער פּראָלעטאַריאַט פֿון יעדן לאַנד מוז, נאַטיר־ לעך, קודם־כּל זיך אָפּפּאַרטיקן מיט זײַן אייגענער בורזשואַזיע.

אָנצייכענענדיק די סאַמע אַלגעמיינע פֿאַזעס אין דער אַנט־ וויקלונג פֿונעם פּראָלעטאַריאַט, האָבן מיר נאָכגעשפּירט דעם מער אָדער ווייניקער באַהאַלטענעם בירגער־קריג אינווייניק אין דער עקזיסטירנדיקער געזעלשאַפֿט ביז צו דעם פּונקט, ווען ער ברעכט אויס אין אַן אָפֿענער רעוואָלוציע, און דער פּראָלעטאַ־ ריאַט באַגרינדעט זײַן הערשאַפֿט דורכן גוואַלטזאַמען אַראָפּ־ וואַרפֿן די בורזשואַזיע.

די אַלע ביז איצטיקע געזעלשאַפֿטן האָבן זיך באַזירט, ווי מיר האָבן געזען, אויף דעם אַנטאַגאָניזם צווישן די אונטערדריקנ־ דיקע און די אונטערדריקטע קלאַסן. כּדי אָבער צו קאָנען אונטערדריקן אַ קלאַס, מוזן פֿאַר אים געזיכערט זײַן אַזעלכע באַדינגונגען, בײַ וועלכע ער זאָל לכל־הפּחות קאָנען אונטער־ האַלטן זײַן קנעכטישע עקזיסטענץ. בעת דעם לײַב־אייגנטום האָט זיך דער לײַב־אייגענער אַרויפֿגעאַרבעט ביז צו אַ מיטגליד פֿון דער קאָמונע, פּונקט ווי דער קליינבירגער האָט זיך אונטערן יאָך פֿון דעם פֿעאָדאַלן אַבסאָלוטיזם אַרויפֿגעאַרבעט ביז צו אַ בורזשואַ. דער מאָדערנער אַרבעטער, פֿאַרקערט, אַנשטאָט אויפֿ־ צוהייבן זיך אינאיינעם מיטן פּראָגרעס פֿון דער אינדוסטריע, זינקט ער אַלץ טיפֿער און טיפֿער פֿון די לעבנס־באַדינגונגען פֿון זײַן אייגענעם קלאַס. דער אַרבעטער ווערט אַ פּאַופּער, און דער פּאַופּעריזם אַנטוויקלט זיך נאָך שנעלער איידער די באַפֿעלקע־

רונג און דאָס רײַכטום. דאָס באַווײַזט באַשײַמפּערלעך, אַז די בורזשואַזיע איז אומפעיִק צו בלײַבן אויף ווײַטער דער הערשנ־דיקער קלאַס פון דער געזעלשאַפט און אָנבינדן דער געזעלשאַפט די לעבנס־באַדינגונגען פון איר קלאַס ווי אַ רעגולירנדיקן געזעץ. זי איז אומפעיִק צו הערשן, ווײַל זי איז אומפעיִק צו זיכערן פאַר איר שקלאַף די עקזיסטענץ אַפילו אין די באַדינגונגען פון זײַן שקלאַפערײַ, ווײַל זי איז געצוואונגען צו לאָזן אים אַראָפּזינקען ביז צו אַזאַ לאַגע, בײַ װעלכער זי מוז אים דערנערן אָנשטאָט פון אים דערנערט צו ווערן. די געזעלשאַפט קאָן מער ניט לעבן אונטער איר הערשאַפט, ד״ה. דאָס לעבן פון דער בורזשואַזיע קומט אין אַ פולשטענדיקער סתירה מיט דער געזעלשאַפט.

דער גרונט־באַדינג פאַר דער עקזיסטענץ און פאַר דער הער־שאַפט פון דעם בורזשואַזן קלאַס איז די אָנזאַמלונג פון רײַכטום אין די הענט פון יחידים, די אויסבילדונג און פאַרמערונג פון קאַ־פּיטאַל; דער באַדינג פאַר דער עקזיסטענץ פונעם קאַפּיטאַל איז די לוין־אַרבעט. די לוין־אַרבעט באַזירט זיך אויסשליסלעך אויף דער קאָנקורענץ פון די אַרבעטער צווישן זיך. דער פּראָגרעס פון דער אינדוסטריע, וואָס זײַן טרעגער איז קעגן איר ווילן די בור־זשואַזיע, וועלכע איז ניט בכוח זיך צו ווערן קעגן אים, שאַפט, אָנשטאָט דער צעשיידונג פון די אַרבעטער דורך דער קאָנקו־רענץ, זייער רעוואָלוציאָנערע פאַראייניקונג דורך דער אַסאָציאַ־ציע. מיט דער אַנטוויקלונג פון דער גרויס־אינדוסטריע ווערט אַזוי־אַרום אַרויסגעריסן בײַ דער בורזשואַזיע פון אונטער די פיס דער עצם באָדן, אויף וועלכן זי פּראָדוצירט און אײגנט זיך צו די פּראָדוקטן. זי שאַפט פריִער פון אַלץ אירע אייגענע קברנים. איר אונטערגאַנג און דער זיג פונעם פּראָלעטאַריאַט זײַנען באַ־גלײַך אומפאַרמײַדלעך.

## II

# פראָלעטאריער
# און
# קאָמוניסטן

---

אין וואָס פאר א פארהעלטעניש שטייען די קאָמוניסטן צו די פּראָלעטאריער בכלל?

די קאָמוניסטן זייַנען ניט קיין באזונדערע פארטיי, וואָס איז קעגנגעשטעלט די אנדערע ארבעטער־פּארטייען.

זיי האָבן ניט קיין שום אינטערעסן, וואָס זאָלן זייַן אָפּגעטיילט פון די אינטערעסן פונעם גאנצן פּראָלעטאריאט.

זיי שטעלן ניט ארויס קיין שום באזונדערע * פּרינציפּן, אין וועלכע זיי וואָלטן וועלן אייַנפּאסן די פּראָלעטארישע באוועגונג.

---

* אין דער ענגלישער אויסגאַבע פון 1888 י. איז אָנשטאָט „באזונדערע״ געזאָגט „סעקטאנטישע״. ר ע ד.

די קאָמוניסטן שיידן זיך אונטער פון די איבעריקע פּראָלע־טאַרישע פּאַרטייען נאָר דערמיט, וואָס, פון איין זייט, טיילן זיי אויס און פאַרטיידיקן אין קאַמף פון די פּראָלעטאַריער פון פאַר־שיידענע נאַציאָנאַליטעטן די געמיינזאַמע, פון דער נאַציאָנאַלי־טעט ניט אָפּהענגיקע אינטערעסן פונעם גאַנצן פּראָלעטאַריאַט; פון דער אַנדערער זייט, דערמיט, וואָס אויף די פאַרשיידענע אַנטוויקלונג־שטופּעס, וועלכע עס מאַכט דורך דער קאַמף צווישן דעם פּראָלעטאַריאַט און דער בורזשואַזיע, פאַרטרעטן זיי שטענדיק די אינטערעסן פון דער באַוועגונג אינגאַנצן גענומען.

די קאָמוניסטן זיינען אַזוי־אַרום אין דער פּראַקטיק דער סאַמע אַנטשיידענער טייל פון די אַרבעטער־פּאַרטייען אין אַלע לענ־דער, וואָס שטויסט שטענדיק צו גיין פאָראויס; טעאָרעטיש האָבן זיי די מעלה לגבי דער איבעריקער מאַסע פונעם פּראָלעטאַריאַט, וואָס זיי פאַרשטייען די באַדינגונגען, דעם גאַנג און די אַלגעמיינע רעזולטאַטן פון דער פּראָלעטאַרישער באַוועגונג.

דער נאָענטסטער ציל פון די קאָמוניסטן איז דער זעלביקער, ווי פון אַלע איבעריקע פּראָלעטאַרישע פּאַרטייען: פאָרמירן דעם פּראָלעטאַריאַט אין אַ קלאַס, אַראָפּוואַרפן די הערשאַפט פון דער בורזשואַזיע, דער פּראָלעטאַריאַט זאָל דעראָבערן די פּאָליטישע מאַכט.

די טעאָרעטישע הנחות פון די קאָמוניסטן באַזירן זיך כלל ניט אויף אידייען, אויף פּרינציפּן, וואָס דער אָדער יענער וועלט־באַנייער האָט דערפונדן אָדער אַנטדעקט.

זיי זיינען בלויז אַן אַלגעמיינער אויסדרוק פון די פאַקטישע פאַרהעלטענישן פון דעם עקזיסטירנדיקן קלאַסן־קאַמף, פון דער היסטאָרישער באַוועגונג, וואָס קומט פאָר פאַר אונדזערע אויגן.

די אָפּשאפונג פון די פריִערדיקע אייגנטום-פארהעלטענישן איז כאראקטעריסטיש ניט בלויז פארן קאָמוניזם.

אלע אייגנטום-פארהעלטענישן זײַנען אונטערגעוואָרפן געווען א שטענדיקן היסטאָרישן אומבײַט, א שטענדיקער היסטאָרישער פארענדערונג.

די פראנצויזישע רעוואָלוציע, צום בײַשפּיל, האָט אָפּגעשאפט דאָס פעאָדאלע אייגנטום לטובת דעם בורזשואזן אייגנטום.

דעם קאָמוניזם צייכנט אוים ניט די אָפּשאפונג פון אייגנטום בכלל, נאָר די אָפּשאפונג פונעם בורזשואזן אייגנטום.

אָבער דאָס מאָדערנע בורזשואזע פריוואט-אייגנטום איז דער לעצטער און פולקומסטער אויסדרוק פון אזא פּראָדוצירן און אזא צואייגענען די פּראָדוקטן, וואָס באזירט זיך אויף קלאסן-קעגנזאצן, אויף דער עקספּלואטאציע פון איינע דורך די אנדערע *.

אין אָט דעם זין קאָנען די קאָמוניסטן פאָרמולירן זייער טעאָריע אין איין אויסדרוק: אָפּשאפן דאָס פריוואט-אייגנטום.

מען האָט אונדז, קאָמוניסטן, פאָרגעוואָרפן, אז מיר ווילן אָפּשאפן דאָס פערזענלעכע, מיט אייגענער ארבעט דערוואָרבענע אייגנטום, דאָס אייגנטום, וואָס איז דער יסוד פון יעדער פערזענלעכער פרײַהײַט, טעטיקײַט און זעלבשטענדיקײַט.

דאָס פארהאָרעוועטע, דערוואָרבענע, מיט אייגענע הענט פארדינטע אייגנטום! אפשר רעדט איר וועגן דעם קליינבירגערלעכן, קליינפויערשן אייגנטום — דעם פאָרבורזשואזן אייגנטום? מיר דארפן עס ניט אָפּשאפן, די אנטוויקלונג פון דער אינדוסטריע האָט עס אָפּגעשאפט און שאפט עס אָפּ יעדן טאָג.

* אין דער ענגלישער אויסגאבע פון 1888 י. איז אָנשטאָט די ווערטער: „עקספּלואטאציע פון איינע דורך די אנדערע" אָפּגעדרוקט — „עקספּלואטאציע פון דער מערהײַט דורך דער מינדערהײַט". ר ע ד.

אָדער אפשר רעדט איר וועגן דעם מאָדערנעם בורזשואזן פּריוואט-אייגנטום?

אָבער די לוין-ארבעט, די ארבעט פונעם פּראָלעטאריער, שאפט זי אים דען אייגנטום? בשום-אופן ניט. זי שאפט קאפּי-טאל, דה. דאָס אייגנטום, וואָס עקספּלואטירט די לוין-ארבעט, דאָס אייגנטום, וואָס קאָן זיך פארמערן נאָר ביי דעם באדינג, עס זאָל שאפן נייע לוין-ארבעט, כדי פונדאָסניי זי צו עקספּלוא-טירן. דאָס אייגנטום אין זיין היינטיקן געשטאלט באוועגט זיך אין דעם קעגנזאץ צווישן קאפּיטאל און לוין-ארבעט. לאָמיר בא-טראכטן ביידע זייטן פון דעם דאָזיקן קעגנזאץ.

זיין א קאפּיטאליסט הייסט פארנעמען ניט נאָר א ריין פּער-זענלעך, נאָר אויך א געזעלשאפטלעך אָרט אין דער פּראָדוקציע. דער קאפּיטאל איז א קאָלעקטיווער פּראָדוקט, און ער קאָן גע-בראכט ווערן אין באוועגונג נאָר דורך דער געמיינזאמער טעטי-קייט פון א סך מיטגלידער, אין לעצטן סך-הכל נאָר דורך דער געמיינזאמער טעטיקייט פון אלע מיטגלידער פון דער געזעל-שאפט.

דער קאפּיטאל איז אזוי-ארום ניט קיין פּערזענלעכע, נאָר א געזעלשאפטלעכע קראפט.

ווען דער קאפּיטאל וועט אזוי-ארום פארוואנדלט ווערן אין א קאָלעקטיוו אייגנטום, וואָס געהערט אלע מיטגלידער פון דער געזעלשאפט, וועט עס ניט הייסן, אז פּערזענלעך אייגנטום ווערט פארוואנדלט אין געזעלשאפטלעכס. עס וועט זיך בייטן נאָר דער געזעלשאפטלעכער כאראקטער פונעם אייגנטום. עס וועט פאר-לירן זיין קלאסן-כאראקטער.

איצט גייען מיר אריבער צו דער לוין-ארבעט.

די דורכשניטלעכע פרייַז פון דער לוין־ארבעט איז דער מי־נימום פונעם ארבעט־לוין, דה. דער סכום לעבנס־מיטלען, וואָס זייַנען נייטיק אויף אויפצוהאלטן בייַם לעבן דעם ארבעטער אלס ארבעטער. הייסט עס, אלץ, וואָס דער לוין־ארבעטער אייגנט זיך צו דורך זייַן טעטיקייַט, קלעקט נאָר אויף צו רעפּראָדוצירן דאָס הוילע לעבן. מיר ווילן בשום־אופן ניט אָפּשאפן די דאָזיקע פּער־זענלעכע צואייגענונג פון די ארבעט־פּראָדוקטן, וואָס זייַנען ניי־טיק אויף צו רעפּראָדוצירן דאָס לעבן דירעקט, — א צואייגענונג, וואָס לאָזט ניט איבער קיין ריינע הכנסה, וועלכע זאָל קאָנען געבן מאכט איבער פרעמדער ארבעט. מיר ווילן נאָר אָפּשאפן דעם נעבעכדיקן כאראקטער פון דער דאָזיקער צואייגענונג, בייַ וועלכן דער ארבעטער לעבט נאָר, כדי צו פארמערן דעם קאפּי־טאל, און ער לעבט נאָר אויף אזויפיל, אויף וויפל דאָס פאָדערן די אינטערעסן פונעם הערשנדיקן קלאס.

אין דער בורזשואזער געזעלשאפט איז די לעבעדיקע ארבעט בלויז א מיטל צו פארמערן די אָנגעזאמלטע ארבעט. אין דער קאָמוניסטישער געזעלשאפט איז די אָנגעזאמלטע ארבעט בלויז א מיטל צו פארברייטערן, צו באַרייַכערן, צו פארגרינגערן דעם לעבנס־פּראָצעס פון די ארבעטער.

אין דער בורזשואזער געזעלשאפט הערשט אזוי־ארום די פאר־גאנגענהייַט איבער דער קעגנווארט, אין דער קאָמוניסטישער — די קעגנווארט איבער דער פארגאנגענהייַט. אין דער בורזשואזער געזעלשאפט איז דער קאפּיטאל זעלבשטענדיק און פּערזאָניק, בעת דער ארבעטנדיקער יחיד איז ניט זעלבשטענדיק און אומפּערזאָניק.

און די פארניכטונג פון אָט די פארהעלטענישן רופט אָן די בור־זשואזיע אָפּשאפונג פון פּערזענלעכקייַט און פרייַהייַט! און זי איז

גערעכט. עס האנדלט זיך טאקע וועגן אָפּשאפן די בורזשואזע פּערזענלעכקייט, די בורזשואזע זעלבשטענדיקייט און די בור־זשואזע פרייהייט.

אונטער פרייהייט פארשטייט מען ביי די איצטיקע בור־זשואזע פּראָדוציר־פארהעלטענישן דעם פרייען האנדל, דעם פרייען קויף און פארקויף.

פאלט אָבער די שאכעריי, פאלט אויך די פרייע שאכעריי. די ריידערייען וועגן פרייער שאכעריי, ווי אלע איבעריקע מליצות פון אונדזערע בורזשוא וועגן פרייהייט, האָבן בכלל א זין נאָר בנוגע דער ניט־פרייער שאכעריי, בנוגע דעם פארקנעכטעטן בירגער פון מיטלאלטער, אָבער ניט בנוגע דער קאָמוניסטישער פאר־ניכטונג פון דער שאכעריי, פון די בורזשואזע פּראָדוציר־פארהעל־טענישן און פון דער בורזשואזיע גופא.

איר זייט אויסער זיך, למאי מיר ווילן פארניכטן דאָס פּרי־וואט־אייגנטום. אָבער אין אייער איצטיקער געזעלשאפט איז דאָס פּריוואט־אייגנטום פאר ניין צענטל פון אירע מיטגלידער פאר־ניכטעט; עס עקזיסטירט דאָך גראָד דערפאר, וואָס פאר ניין צענטל עקזיסטירט עס ניט. איר ווארפט אונדז פאָר, הייסט עס, אז מיר ווילן פארניכטן אזא מין אייגנטום, וואָס דער נויטווענדי־קער באדינג פון זיין עקזיסטענץ איז, אז די אומגעהייערע מער־הייט פון דער געזעלשאפט זאָל קיין אייגנטום ניט האָבן.

מיט איין וואָרט, איר ווארפט אונדז פאָר, אז מיר ווילן אייער אייגנטום פארניכטן. אמת, אָט דאָס ווילן מיר טאקע.

פון דעם מאָמענט אָן, ווען די ארבעט וועט מער ניט קאָנען פארוואנדלט ווערן אין קאפּיטאל, געלט, ערד־רענטע, קורץ — אין א געזעלשאפטלעכער קראפט, וואָס קאָן מאָנאָפּאָליזירט ווערן, דה. פון דעם מאָמענט אָן, ווען דאָס פּערזענלעכע אייגנטום וועט

מער ניט קאָנען פארוואנדלט ווערן אין א בורזשואז אייגנטום, — פון דעם מאָמענט אָן, טענהט איר, ווערט פארניכטעט די פערזענלעכקייט.

איר אָנערקענט, אלזאָ, אז מיטן וואָרט פערזענלעכקייט מיינט איר קיינעם ניט, חוץ דעם בורזשואַ, חוץ דעם בורזשואזן אייגנטימער. אָט די דאָזיקע פערזענלעכקייט דארף טאקע פארניכטעט ווערן.

דער קאָמוניזם נעמט ביי קיינעם ניט אָפּ די מעגלעכקייט צו־צואייגענען געזעלשאפטלעכע פּראָדוקטן, ער נעמט נאָר אָפּ די מעגלעכקייט צו אונטעריאָכן פרעמדע ארבעט דורך דער דאָזיקער צואייגענונג.

מען האָט געטענהט, אז מיטן פארניכטן דאָס פריוואט־אייגנטום וועט זיך אָפּשטעלן יעטווידע טעטיקייט און עס וועט אָנהייבן געוועלטיקן אלגעמיינע פוילקייט.

אויב אזוי, האָט די בורזשואזע געזעלשאפט שוין לאנג געדארפט אונטערגיין פון פוילקייט; וואָרעם די, וואָס ארבעטן אין דער בורזשואזער געזעלשאפט, דערווערבן ניט, און די, וואָס דערווערבן, ארבעטן ניט. אָט די אלע סברות לאָזן זיך אויס צו דער טאַוטאָלאָגיע, אז וויבאלד עס איז מער ניטאָ קיין קאפיטאל, איז מער ניטאָ קיין לוין־ארבעט.

די אלע דערווידערונגען, וואָס זיינען געווענדט קעגן דעם קאָמוניסטישן אופן פון צואייגענען אין פּראָדוצירן מאטעריעלע פּראָדוקטן, ווענדט מען אָן אויך בנוגע דעם אופן פון צואייגענען און פּראָדוצירן גייסטיקע פּראָדוקטן. פונקט ווי די פארניכטונג פונעם קלאסן־אייגנטום באטייט פארן בורזשואַ די פארניכטונג פון דער פּראָדוקציע גופא, אזוי איז ביי אים אויך די פארניכטונג

פון דער קלאסן־בילדונג אידענטיש מיט דער פארניכטונג פון בילדונג בכלל.

די בילדונג, וואָס איר פארלוסט באדויערט אזוי דער בור־זשוא, באטײַט פאר דער קאָלאָסאלער מערהײַט — פארוואנדלט ווערן אין א צוגאָב צו דער מאשין.

שטרײַט אָבער ניט מיט אונדז, שאצנדיק דאָס אָפּשאפן דאָס בורזשואזע אייגנטום לויט אײַערע בורזשואזע פאָרשטעלונגען וועגן פרײַהײַט, בילדונג, רעכט אאוו. אײַערע אידייען גופא זײַנען א פּראָדוקט פון די בורזשואזע פּראָדוציר־פארהעלטענישן און אייגנטום־פארהעלטענישן, פּונקט ווי אײַער רעכט איז בלויז דער ווילן פון אײַער קלאס, וואָס איז דערהויבן געוואָרן צו א גע־זעץ, א ווילן, וואָס זײַן אינהאלט ווערט באשטימט דורך די מא־טעריעלע לעבנס־באדינגונגען פון אײַער קלאס.

די פניותדיקע פאָרשטעלונג, לויט וועלכער איר פארוואנדלט אײַערע פּראָדוציר־ און אייגנטום־פארהעלטענישן פון היסטאָרי־שע פארהעלטענישן, וועלכע ענדערן זיך מיט דער אנטוויקלונג פון דער פּראָדוקציע, אין אייביקע נאטור־ און פארנונפט־גע־זעצן, — אָט די דאָזיקע פאָרשטעלונג האָבן, פּונקט ווי איר, געהאט אויך אלע אונטערגעגאנגענע הערשנדיקע קלאסן. דאָס, וואָס איר באגרײַפט בנוגע דעם אנטיקן אייגנטום, דאָס, וואָס איר באגרײַפט בנוגע דעם פעאָדאלן אייגנטום, וואגט איר ניט בא־גרײַפן בנוגע דעם בורזשואזן אייגנטום.

פארניכטונג פון דער פאמיליע! אפילו די עקסטרעמסטע רא־דיקאלן קערן וועלטן קעגן דער דאָזיקער שענדלעכער כונה פון די קאָמוניסטן.

אויף וואָס באזירט זיך די איצטיקע, די בורזשואזע פאמי־ליע? אויף דעם קאפּיטאל, אויף דער פּריוואטער בארײַכערונג.

פּולשטענדיק אַנטוויקלט עקזיסטירט זי נאָר פאַר דער בורזשואַ-זיע; זי געפינט אָבער איר דערגאַנצונג אין דער געצוואונגענער פאַמיליענלאָזיקייט פון די פּראָלעטאַריער און אין דער עפנטלע-כער פּראָסטיטוציע.

די בורזשואַזע פאַמיליע פאַלט נאַטירלעך אָפּ צוזאַמען מיט דעם, ווי עס פאַלט אָפּ אָט די דערגאַנצונג אירע, און ביידע פאַר-שווינדן זיי צוזאַמען מיטן פאַרשווינדן פונעם קאַפּיטאַל.

איר וואַרפט אונדז פאָר, אַז מיר ווילן אָפּשאַפן די עקספּלואַ-טאַציע פון קינדער דורך זייערע עלטערן? אין אָט דעם פאַר-ברעכן זייַנען מיר זיך מודה.

אָבער, טענהט איר, ווען מיר פירן אייַן געזעלשאַפטלעכע דערציִונג אָנשטאָט דער היימישער, פאַרניכטן מיר דערמיט די סאַמע האַרציקע באַציִונגען.

און אייַער דערציִונג ווערט דען ניט באַשטימט דורך דער געזעלשאַפט? זי ווערט דען ניט באַשטימט דורך די געזעלשאַפט-לעכע פאַרהעלטענישן, אין וועלכע איר דערציט, דורך דער די-רעקטער אָדער אומדירעקטער אַרייַנמישונג פון דער געזעלשאַפט מיט דער הילף פון דער שול אאַוו.? די קאָמוניסטן טראַכטן ניט אויס די אויפווירקונג פון דער געזעלשאַפט אויף דער דערציִונג; זיי ענדערן נאָר איר כאַראַקטער, זיי רייַסן אַרויס די דערציִונג פון אונטערן אייַנפלוס פונעם הערשנדיקן קלאַס.

די בורזשואַזע רייידערייַען וועגן פאַמיליע און דערציִונג, וועגן די האַרציקע באַציִונגען צווישן עלטערן און קינדער ווערן אַלץ מער עקלדיק, וואָס מער די פאַמיליען-פאַרבינדונגען בייַ די פּראָלעטאַריער ווערן מחמת דער אַנטוויקלונג פון דער גרויס-אינדוסטריע צעריסן און די קינדער ווערן פאַרוואַנדלט אין פּשו-טע האַנדלס-אַרטיקלען און אַרבעטס-אינסטרומענטן.

אָבער איר, קאָמוניסטן, ווילט איינפירן געמיינשאפטלעכקייט פון ווייבער — שרייט צו אונדז די גאנצע בורזשואזיע אין איין כאָר.

דער בורזשוא זעט אין זיין פרוי א פשוטן פּראָדוציר־אינסטרו־מענט. ער הערט, אז מען וויל די פּראָדוציר־אינסטרומענטן אויס־נוצן געמיינשאפטלעך, קאָן ער זיך, נאטירלעך, אנדערש גאָר ניט פאָרשטעלן, ווי נאָר, אז דער גורל פון געמיינשאפטלעכקייט וועט אויספאלן אויך אויף די ווייבער.

עס פאלט אים גאָר ניט איין, אז עס האנדלט זיך גראָד וועגן אָפּשאפן די לאגע פון פרויען אלס פשוטן פּראָדוציר־אינסטרו־מענט.

ס'איז, אגב, ניטאָ קיין מער קאָמישע זאך, ווי דער הויכמאָ־ראלישער שוידער פון אונדזערע בורזשוא מכוח דער כלומרשטער אָפיציעלער געמיינשאפטלעכקייט פון ווייבער ביי די קאָמוניסטן. די קאָמוניסטן דארפן גאָר ניט איינפירן די געמיינשאפטלעכ־קייט פון ווייבער, זי האָט כמעט שטענדיק עקזיסטירט.

אונדזערע בורזשוא, ניט באנוגענענדיק זיך דערמיט, וואָס די ווייבער און טעכטער פון זייערע פּראָלעטאריער געפינען זיך אין זייער רשות, שוין אינגאנצן אָפּגערעדט וועגן דער אָפיציע־לער פּראָסטיטוציע, געפינען א באזונדערן פארגעניגן דע־רין, וואָס זיי פארפירן די ווייבער איינער ביי דעם אנדערן.

די בורזשואזע הייראט איז אין דער ווירקלעכקייט געמיינ־שאפטלעכקייט פון די געהייראטע פרויען. די קאָמוניסטן וואָלט מען העכסטנס געקאָנט פאָרווארפן, אז אָנשטאָט דער צביעותדיק פארדעקטער געמיינשאפטלעכקייט פון ווייבער ווילן זיי כלומרשט איינפירן אן אָפיציעלע, אן אָפענע. עס איז אָבער זעלבסטפאר־שטענדלעך, אז מיטן פארניכטן די איצטיקע פּראָדוציר־פארהעל־

טענישן וועט פארשווינדן אויך די געמיינשאפטלעכקייט פון ווײַ־בער, וואָס שטאמט פון אָט די פארהעלטענישן, דה. די אָפיציעלע און ניט אָפיציעלע פּראָסטיטוציע.

ווײַטער, האָט מען די קאָמוניסטן פאָרגעוואָרפן, אז זיי ווילן כלומרשט אָפּשאפן דאָס פאָטערלאנד, די נאציאָנאליטעט.

די ארבעטער האָבן ניט קיין פאָטערלאנד. מען קאָן בײַ זיי ניט אָפּנעמען דאָס, וואָס זיי האָבן ניט. אזוי ווי דער פּראָלע־טאריאט מוז קודם־כל דעראָבערן פאר זיך די פּאָליטישע הער־שאפט, דערהייבן זיך צו דער לאגע פון א נאציאָנאלן קלאס*, קאָנסטיטואירן זיך זעלבסט אלס נאציע, איז ער זעלבסט נאָך נאציאָנאל, כאָטש גאָר ניט אין דעם זין, ווי די בורזשואזיע פאר־שטייט עס.

די נאציאָנאלע אָפּגעזונדערטקײַט און די קעגנזאצן צווישן די פעלקער פארשווינדן אלץ מער און מער שוין מיט דער אנט־וויקלונג פון דער בורזשואזיע, מיט דער פרײַהײַט פון האנדל, מיטן וועלט־מארק, מיט דער איינארטיקײַט פון דער אינדוסטריע־לער פּראָדוקציע און פון די לעבנס־פארהעלטענישן, וואָס אנט־שפּרעכן איר.

די הערשאפט פונעם פּראָלעטאריאט וועט נאָך מער פארגי־כערן זייער פארשווינדונג. פאראייניקטע האנדלונג, ווייניקסטנס פון די ציוויליזירטע לענדער, איז איינע פון די ערשטע באדינ־גונגען פאר זײַן באפרײַאונג.

אין דער זעלביקער מאָס, אין וועלכער עס וועט פארניכטעט ווערן די עקספּלואטאציע פון איין אינדיווידואום דורך דעם אנ־

* אין דער ענגלישער אויסגאבע פון 1888 י. איז אָנשטאָט די ווערטער: „דער־הייבן זיך צו דער לאגע פון א נאציאָנאלן קלאס" אָפּגעדרוקט — „דערהייבן זיך צו דער לאגע פונעם פירנדיקן קלאס פון דער נאציע". ר ע ד.

דערן, וועט פארניכטעט ווערן אויך די עקספּלואטאציע פון איין נאציע דורך דער אנדערער.

אינאיינעם מיט דעם אנטאגאָניזם צווישן די קלאסן אינוויי־ניק אין די נאציעס וועט אָפּפאלן אויך די פייַנטלעכע באציאונג פון די נאציעס איינע צו דער אנדערער.

די באשולדיקונגען קעגן דעם קאָמוניזם, וואָס ווערן געמאכט פון רעליגיעזן, פילאָסאָפישן און אידעאָלאָגישן שטאנדפּונקט בכלל, פארדינען ניט, מען זאָל זיי באטראכטן אויספירלעך.

דארף מען דען זײַן באזונדערס טיפזיניק, כדי צו באנעמען, אז אינאיינעם מיט די לעבנס־פארהעלטענישן פון די מענטשן, מיט זייערע געזעלשאפטלעכע באציאונגען, מיט זייער געזעל־שאפטלעכן זײַן ענדערן זיך אויך זייערע פאָרשטעלונגען, אָנשוי־אונגען און באגריפן, מיט איין וואָרט — ענדערט זיך אויך זייער באוואוסטזײַן?

וואָס זשע אנדערש באווײַזט דען די געשיכטע פון אידייען, אויב ניט, אז די גייַסטיקע פּראָדוקציע ענדערט איר געשטאלט אינאיינעם מיט דער מאטעריעלער? די הערשנדיקע אידייען פון יעדער צײַט זײַנען אלעמאָל געווען בלויז די אידייען פון דעם הערשנדיקן קלאס.

מען רעדט וועגן אידייען, וואָס רעוואָלוציאָניזירן א גאנצע געזעלשאפט; דערמיט זאָגט מען נאָר ארויס דעם פאקט, אז אינ־ווייניק אין דער אלטער געזעלשאפט האָבן זיך אויסגעבילדעט די עלעמענטן פון א נײַער, אז באגלײַך מיט דער צעפאלונג פון די אלטע לעבנס־פארהעלטענישן גייט אויך די צעפאלונג פון די אלטע אידייען.

ווען די אלטע וועלט האָט געהאלטן בײַם אונטערגיין, זײַ־נען די אלטע רעליגיעס באזיגט געוואָרן דורך דער קריסטלעכער

רעליגיע. בעת די קריסטלעכע אידייען האָבן אין XVIII יאָר־הונדערט געליטן א מפּלה פון די אויפקלערונג־אידייען, האָט די פעאָדאלע געזעלשאפט געפירט איר קאמף אויף לעבן און טויט מיט דער דאן רעוואָלוציאָנערער בורזשואזיע. די אידייען וועגן פרייַהייַט פון געוויסן און רעליגיע האָבן אויסגעדריקט בלויז די הערשאפט פון פרייַער קאָנקורענץ אינעם געביט פון געוויסן*.

„אָבער", וועט מען זאָגן, „רעליגיעזע, מאָראלישע, פילאָסאָפישע, פּאָליטישע, רעכטלעכע אידייען אאוו. האָבן זיך טאקע געענדערט אין דעם גאנג פון דער היסטאָרישער אנטוויקלונג. די רעליגיע, מאָראל, פילאָסאָפיע, פּאָליטיק, רעכט האָבן זיך אָבער שטענדיק אויפגעהיט אין דער דאָזיקער כסדרדיקער ענדערונג.

חוץ דעם זייַנען נאָך פאראן אייביקע אמתן, ווי פרייַהייַט, גערעכטיקייַט אאוו., וואָס זייַנען געמיינזאם פאר אלע צושטאנדן פון דער געזעלשאפט. דער קאָמוניזם אָבער שאפט אָפּ די אייביקע אמתן, ער שאפט אָפּ די רעליגיע, די מאָראל, אָנשטאָט זיי אויפסנייַ צו איבערגעשטאלטן, דעריבער ווידערשפּרעכט ער דער גאנצער ביז איצטיקער היסטאָרישער אנטוויקלונג".

צו וואָס ווערט רעדוצירט די דאָזיקע באשולדיקונג? די געשיכטע פון אלע ביז איצטיקע געזעלשאפטן האָט זיך באוועגט אין קלאסן־קעגנזאצן, וועלכע האָבן אין פארשיידענע עפּאָכעס געהאט פארשיידענע פאָרמען.

נאָר וואָס פאר א פאָרם זיי האָבן ניט געהאט אָנגענומען, איז אָבער די עקספּלואטאציע פון איין טייל געזעלשאפט דורך דעם אנדערן א געמיינזאמער פאקט פאר אלע פארגאנגענע יאָרהונ־

* אין די ווייַטערדיקע אויסגאבעס, אָנגעהויבן פון דער דייַטשישער אויסגאבע פון 1872 י., זייַנען די ווערטער: „אינעם געביט פון געוויסן" פארביטן מיט די ווערטער: „אינעם געביט פון וויסן". ר ע ד.

דערטן. עס איז דעריבער קיין וואונדער ניט, וואָס דאָס געזעל־שאפטלעכע באוואוסטזיין פון אלע יאָרהונדערטן באוועגט זיך, טראָץ דער גאנצער פילארטיקייט און פארשיידנקייט, אין גע־וויסע געמיינזאמע פאָרמען, אין אזעלכע פאָרמען, — באוואוסט־זיין־פאָרמען, — וואָס וועלן אינגאנצן פארשוואונדן ווערן נאָר דאן, ווען עס וועלן פולשטענדיק פארשווינדן די קלאסן־קעגנזאצן.

די קאָמוניסטישע רעוואָלוציע איז דער ראדיקאלסטער איינ־רייס מיט די בירושה באקומענע אייגנטום־פארהעלטענישן; עס איז קיין וואונדער ניט, וואָס אינעם גאנג פון איר אנטוויקלונג רייסט זי אויפן ראדיקאלסטן אופן איין מיט די בירושה באקו־מענע אידייען.

זאָל אָבער זיין גענוג מיט די טענות פון דער בורזשואזיע קעגן דעם קאָמוניזם.

מיר האָבן שוין פריער געזען, אז דער ערשטער שריט אין דער ארבעטער־רעוואָלוציע איז — דערהייבן דעם פראָלעטאריאט צו דער מדרגה פון א הערשנדיקן קלאס, דעראָבערן די דעמאָ־קראטיע.

דער פראָלעטאריאט וועט אויסנוצן זיין פאָליטישע הער־שאפט, כדי שריט נאָך שריט ארויסצורייסן ביי דער בורזשו־אזיע דעם גאנצן קאפיטאל, כדי צו צענטראליזירן אין די הענט פון דער מלוכה, דה. פון דעם פראָלעטאריאט, וואָס איז אָרגא־ניזירט אלס הערשנדיקער קלאס, אלע פראָדוציר־געציייג און ווי וויים מעגלעך שנעל צו פארמערן די מאסע פראָדוקטיוו־קרעפטן.

דאָס קאָן, נאטירלעך, צוערשט געשען נאָר דורכן דעספאָ־טישן ארייַנרייַסן זיך אין דעם אייגנטום־רעכט און אין די בורזשו־אזע פראָדוציר־פארהעלטענישן, דאָס הייסט, דורך מאָסמיטלען, וואָס עקאָנאָמיש זעען זיי אוים ניט גענוג און אָן האפט, אָבער

וואָס אין גאַנג פון דער באַוועגונג וואַקסן זיי זיך אַליין אַריבער און זײַנען אומפאַרמײַדלעך אַלס מיטל פאַר אַן איבערקערעניש אינעם גאַנצן פּראָדוציר־אופן.

די דאָזיקע מאָסמיטלען וועלן, נאַטירלעך, אין פאַרשיידענע לענדער זײַן פאַרשיידן.

דאָך וואָלט מען אין די פּראָגרעשריטנסטע לענדער כמעט אומעטום געקאָנט אָנווענדן די פאָלגנדיקע מאָסמיטלען:

1) עקספּראָפּריאירן דאָס ערד־אייגנטום און פאַרווענדן די ערד־רענטע אויף צו דעקן די מלוכה־הוצאות.

2) אַ הויכער פּראָגרעסיווער שטײַער.

3) אָפּשאַפן דאָס ירושה־רעכט.

4) קאָנפיסקירן דאָס אייגנטום פון אַלע עמיגראַנטן און בונטאָווששיקעס.

5) צענטראַליזירן דעם קרעדיט אין די הענט פון דער מלוכה דורך אַ נאַציאָנאַלן באַנק מיט מלוכה־קאַפּיטאַל און אויסשליסלעכער מאָנאָפּאָליע.

6) צענטראַליזירן דעם גאַנצן טראַנספּאָרט אין די הענט פון דער מלוכה.

7) פאַרמערן די צאָל מלוכה־פאַבריקן, פּראָדוציר־געצײַג, אויפאַקערן און פאַרבעסערן די ערד לויט אַן אַלגעמיינעם פּלאַן.

8) גלײַכע אַרבעט־פליכט פאַר אַלע, שאַפן אינדוסטריעלע אַרמייען, באַזונדערס פאַר דער ערד־אַרבעט.

9) פאַראייניקן די ערד־אַרבעט מיט דער אינדוסטריע, מיטהעלפן צו באַזײַטיקן ביסלעכווײַז דעם קעגנזאַץ* צווישן שטאָט און דאָרף.

---

* אין די ווײַטערדיקע דײַטשישע אויסגאַבעס, אָנגעהויבן פון דער אויסגאַבע פון 1872 יאָר, איז דאָס וואָרט: „קעגנזאַץ” פאַרביטן מיטן וואָרט: „אונטערשייד”. ר ע ד.

10) געבן געזעלשאפטלעכע און אומזיסטיקע דערציאונג אלע קינדער. אָפּשאפן די פאבריק־ארבעט פון קינדער אין איר הײַנטיקער פאָרם. פאראייניקן די דערציאונג מיט דער מאַטעריעלער פּראָדוקציע אאוו. אאוו.

ווען די קלאסן־אונטערשיידן וועלן אינעם גאנג פון דער אנטוויקלונג פארשווינדן און די גאנצע פּראָדוקציע וועט קאָנצענטרירט ווערן אין די הענט פון די אסאָציאירטע אינדיווידואומס, דאן וועט די עפנטלעכע מאכט פארליִרן איר פּאָליטישן כאראקטער. די פּאָליטישע מאכט אינעם אייגנטלעכן זין פונעם וואָרט איז די אָרגאניזירטע געוואלט פון איין קלאס צו אונטערדריקן דעם אנדערן. ווען אין זײַן קאמף קעגן דער בורזשואזיע פאראייניקט זיך דער פּראָלעטאריאט אומפארמײַדלעך אלס קלאס, ווען ער ווערט דורך א רעוואָלוציע דער הערשנדיקער קלאס און אלס הערשנדיקער קלאס שאפט ער אָפּ מיט געוואלט די אלטע פּראָדוציר־פארהעלטענישן, — פארניכטעט ער דאן אינאיינעם מיט די דאָזיקע פּראָדוציר־פארהעלטענישן די באדינגונגען פאר דער עקזיסטענץ פון קלאסן־קעגנזאצן, די קלאסן בכלל*, און דערמיט גופא אויך זײַן אייגענע הערשאפט אלס קלאס.

אָנשטאָט דער אלטער בורזשואזער געזעלשאפט מיט אירע קלאסן און קלאסן־קעגנזאצן קומט אן אסאָציאציע, וואו די פרײַע אנטוויקלונג פון יעדן איינעם איז דער באדינג פאר דער פרײַער אנטוויקלונג פון אלעמען.

---

* אין די ווײַטערדיקע דײַטשישע אויסגאבעס, אָנגעהויבן פון דער אויסגאבע פון 1872 יאָר, זײַנען די ווערטער: „די קלאסן בכלל" פארביטן מיט די ווערטער: „ליקווידירט ער די קלאסן בכלל". ר ע ד.

# III

# סאָציאַליסטישע און קאָמוניסטישע ליטעראַטור

## 1) דער רעאקציאָנערער סאָציאַליזם

### א) דער פעאָדאלער סאָציאַליזם

די פראנצויזישע און ענגלישע אריסטאָקראַטיע איז לויט איר היסטאָרישער לאגע בארופן געווען צו שרײַבן פאמפלעטן קעגן דער מאָדערנער בורזשואזער געזעלשאפט. אין דער פראַנצויזישער יולי-רעוואָלוציע פון 1830 יאָר, אין דער ענגלישער רעפאָרם-באוועגונג האָט זי ווידעראמאָל געליטן א מפלה פון דעם פארהאסטן אויפגעקומענעם בורזשוא. וועגן אן ערנסטן פאָליטישן קאמף האָט שוין מער קיין רייד ניט געקאָנט זײַן. עס איז איר געבליבן נאָר דער ליטעראַרישער קאמף. אָבער אויך אויפן געביט פון ליטעראַטור זײַנען שוין די אלטע פראזעס פון דער רעסטאווראציע-צײַט[1] געוואָרן אוממעגלעך. כדי צו דערוועקן סימפאטיע, האָט די אריסטאָקראַטיע געמוזט מאכן אן

1 עס רעדט זיך ניט וועגן דער ענגלישער רעסטאווראציע פון די יאָרן 1660—1689, נאָר וועגן דער פראנצויזישער רעסטאווראציע פון די יאָרן 1814 — 1830. (ענגעלסעס אן אָנמערקונג צו דער ענגלישער אויסגאבע פון 1888 יאָר.)

אָנשטעל, אז זי איז שוין גאָר נים אויסן אירע אייגענע אינטע־רעסן, אז דער באשולדיקונגס־אקט, וואָס זי שטעלט ארויס קעגן דער בורזשואזיע, איז נאָר אין די אינטערעסן פונעם עקספּלוא־טירטן ארבעטער־קלאס. זי האָט זיך פארשאפט פארגעניגן דורך פּארפאסן פּאסקווילן קעגן איר נייעם הערשער און ארייַנרוימען אים אין אויער ארייַן מער אָדער ווייניקער בייזע נביאות.

אָט אויף אזא מין אופן איז אנטשטאנען דער פעאָדאלער סאָציאליזם — האלב קלאָג־ליד, האלב פּאסקוויל, האלב ווידער־קלאנג פון דער פארגאנגענהייט, האלב דראָאונג דער צוקונפט, — וואָס צייַטנווייַז פלעגט ער טרעפן דער בורזשואזיע אין הארצן מיט זייַן ביטערן, שארפזיניקן, בייַסיקן אורטייל, אָבער שטענדיק פלעגט ער מאכן א קאָמישן אייַנדרוק מיט זייַן אבסאָלוטער אומפעיִקייט צו באנעמען דעם גאנג פון דער מאָדערנער געשיכטע.

די אריסטאָקראטיע האָט געפאָכט מיט דער פּראָלעטארי־שער טאָרבע ווי מיט א פאָן אין דער האנט, כדי צו פארזאמלען ארום זיך דאָס פאָלק. אָבער יעדעס מאָל, ווען דאָס פאָלק פלעגט איר נאָכגיין, פלעגט עס בייַ איר אויפן הינטן דערזען די אלטע פעאָדאלע הערבן און עס פלעגט זיך צעלויפן מיט א הילכיקן און נים דרך־ארצדיקן געלעכטער.

געשפּילט די דאָזיקע קאָמעדיע האָבן א טייל פון די פראנ־צויזישע לעגיטימיסטן און דאָס „יונגע ענגלאנד"*.

ווען די פעאָדאלן ווילן דערווייַזן, אז זייער אופן פון עקספּלו־אטאציע האָט אויסגעזען אנדערש, ווי די בורזשואזע עקס־

* לעגיטימיסטן — די פארטיי פון די אדעליקע ערד־באזיצער, אָנהענגער פון אויפשטעלן די בורבאָנען־דינאסטיע. „דאָס יונגע ענגלאנד" — א קרייַזל פון ענגלישע אריסטאָקראטן, פּאָליטישע טוער און ליטעראטאָרן, וואָס זייַנען געשטאנען נאָענט צו דער קאָנסערוואטיווער פארטיי. אָנגעזעענע פאָרשטייער פון דעם דאָזיקן קרייַזל, וואָס געגרינדעט האָט עס זיך ארום 1842 י., זייַנען געווען דיזראעלי, טאָמאס קארלייל אא. רעד.

פלואטאציע, פארגעסן זיי בלויז, אז זיי האָבן עקספּלואטירט בײַ גאנץ אנדערע און איצט שוין אָפּגעלעבטע אומשטענדן און באַדינגונגען. ווען זיי ווײַזן אָן, אז אונטער זייער הערשאפט איז קיין מאָדערנער פּראָלעטאריאט ניט געווען, פארגעסן זיי בלויז, אז גראָד די מאָדערנע בורזשואזיע איז געווען א נויטווענדיקער פּראָדוקט פון זייער געזעלשאפטלעכער אָרדענונג.

אגב, באהאלטן זיי אזוי ווייניק דעם רעאקציאָנערן כאראקטער פון זייער קריטיק, אז זייער הויפּט-באשולדיקונג קעגן דער בורזשואזיע באשטייט גראָד אין דעם, וואָס אונטער איר הערשאפט אנטוויקלט זיך א קלאס, וועלכער וועט אויפרײַסן די גאנצע אלטע געזעלשאפטלעכע אָרדענונג.

זיי ווארפן אויף דער בורזשואזיע א סך מער דאָס, וואָס זי שאפט א רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאריאט, איידער דאָס, וואָס זי שאפט א פּראָלעטאריאט בכלל.

אין דער פּאָליטישער פּראקטיק באטייליקן זיי זיך דעריבער אין אלע געוואלט-מאָסמיטלען קעגן דעם ארבעטער-קלאס, און אין געוויינלעכן לעבן האלטן זיי פאר גאנץ פּאסיק, טראָץ אלע אויפגעבלאָזענע פראזעס זייערע, אונטערצוקלײַבן די גאָלדענע עפּל * און שאכעריש אויסצובײַטן טרײַהײַט, ליבע, ערע אויף שעפּסן-וואָל, בורעקעס און שנאפּס [1].

* אין דער ענגלישער אויסגאבע פון 1888 יאָר איז נאָך די ווערטער: „גאָלדענע עפּל" צוגעגעבן — „וואָס פאלן פונעם בוים פון דער אינדוסטריע". ר ע ד.

1 דאָס איז שייך דער עיקר צו דײַטשלאנד, וואו די אגרארע אריסטאָקראטיע און די יונקערס פירן די ווירטשאפט אויפן גרעסטן טייל פון זייערע מאיאָנטקעס אויפן אייגענעם חשבון מיט דער הילף פון זייערע פארוואלטערס און וואָס זײַנען נאָך אויסער דעם גרויסע אייגנטימער פון זאוואָדן פון בורעקעס-צוקער און בראנפן. די מער רײַכע ענגלישע אריסטאָקראטן זײַנען נאָך דערצו ניט דערגאנגען; אָבער זיי ווייסן אויך, ווי אזוי צו קאָמפּענסירן דאָס פאלן פון דער רענטע — זיי גיבן זייער נאָמען די גרינדער פון מער אָדער ווייניקער צווייפלהאפטע אקציאָנערע קאָמפּאניעס. (ענגעלסעס אן אָנמערקונג צו דער ענגלישער אויסגאבע פון 1888 יאָר.)

פונקט ווי דער גלח איז אלעמאָל געגאַנגען האַנט ביי האַנט מיטן פעאָדאַל, אַזוי גייט אויך דער גלחישער סאָציאַליזם מיטן פעאָדאַלן.

עס איז ניטאָ קיין גרינגערע זאַך, ווי צוצוגעבן דעם קריסט־לעכן אסקעטיזם א סאָציאַליסטישע באַאַרבונג. איז דען דאָס קריסטנטום אויך ניט ארויסגעטראָטן קעגן פּריוואַט־אייגנטום, קעגן הייראַט, קעגן מלוכה? האָט עס דען אָנשטאָט דעם ניט געפּרייידיקט צדקה און בעטלעריי, הייראַטלאָזיקייט און נזירות, דאָס מאָנאַכישע לעבן און די קירך? דער קריסטלעכער סאָציאַליזם — דאָס איז בלויז דאָס הייליקע וואַסער, מיט וועלכן דער גלח באַשפּריצט די פאַרביטערונג פונעם אריסטאָקראַט.

## ב) דער קליינבירגערלעכער סאָציאַליזם

די פעאָדאַלע אריסטאָקראַטיע איז ניט דער איינציקער קלאַס, וואָס די בורזשואַזיע האָט אראָפּגעוואָרפן און וועמענס לעבנס־באַדינגונגען האָבן זיך פאַרערגערט און אָפּגעשטאָרבן אין דער מאָדערנער בורזשואַזער געזעלשאַפט. דער מיטלאַלטערלעכער בירגערטום־שטאַנד און דער שטאַנד פון קליינפּויערטום זיינען געווען די פאָרגייער פון דער מאָדערנער בורזשואַזיע. אין די לענדער, וואָס זיינען אינדוסטריעל און קאָמערציעל ווייניקער אנטוויקלט, לעבט נאָך ווי־עס־איז דער דאָזיקער קלאַס זייט ביי זייט מיט דער אויפקומענדיקער בורזשואַזיע.

אין די לענדער, וואו די מאָדערנע ציוויליזאַציע האָט זיך אנטוויקלט, האָט זיך געשאַפן א ניי קליינבירגערטום, וואָס שוועבט צווישן דעם פּראָלעטאַריאַט און דער בורזשואַזיע און בילדעט זיך כסדר אויס אויפסניי אלס צוגאָב־טייל פון דער בורזשואַזער געזעלשאַפט. די מיטגלידער פון אָט דעם קלאַס

ווערן אָבער דורך דער קאָנקורענץ כסדר אַראָפּגעשלײַדערט אין די רייען פונעם פּראָלעטאַריאַט און זיי הייבן שוין אָן צו זען, ווי מיט דער אַנטוויקלונג פון דער גרויס־אינדוסטריע דערנענטערט זיך דער מאָמענט, ווען זיי וועלן אינגאַנצן פאַרשווינדן אַלס זעלבשטענדיקער טייל פון דער מאָדערנער געזעלשאַפט און וועלן אינעם האַנדל, אין דער אינדוסטריע, אין דער לאַנדווירטשאַפט פאַרביטן ווערן דורך אַרבעט־אויפזעערס און געדונגענע משרתים.

אין אַזוינע לענדער, ווי פראַנקרייַך, וואו דאָס פּויערטום מאַכט אויס העכער אַ העלפט פון דער באַפעלקערונג, איז געווען נאַטירלעך, וואָס שרײַבער, וועלכע זײַנען אַרויסגעטראָטן פאַרן פּראָלעטאַריאַט קעגן דער בורזשואַזיע, האָבן אין זייער קריטיק פון דעם בורזשואַזן רעזשים זיך באַנוצט מיט אַ קליינבירגערלעכער און קליינפּויערשער מאָס און האָבן די אַרבעטער־זאַך פאַרטיידיקט פונעם שטאַנדפּונקט פון קליינבירגערטום. אָט אַזוי איז אַנטשטאַנען דער קליינבירגערלעכער סאָציאַליזם. סיסמאָנדי שטייט בראש פון אָט דער ליטעראַטור ניט נאָר אין פראַנקרייַך, נאָר אויך אין ענגלאַנד.

דער דאָזיקער סאָציאַליזם האָט זייער שאַרפזיניק אַנאַליזירט די ווידערשפּרוכן אין די מאָדערנע פּראָדוציר־פאַרהעלטענישן. ער האָט אויפגעדעקט די צביעותדיקע אַפּאָלאָגעטיק פון די עקאָנאָמיסטן. ער האָט אומבאַשטרײַטבאַר דערוויזן די צעשטערנדיקע ווירקונג פון די מאַשינעס און פון דער אַרבעט־צעטיילונג, די קאָנצענטראַציע פון די קאַפּיטאַלן און פונעם ערד־באַזיץ, די איבערפּראָדוקציע, די קריזיסן, דעם נויטווענדיקן אונטערגאַנג פון די קליינבירגער און פּויערים, דעם דלות פונעם פּראָלעטאַריאַט, די אַנאַרכיע אין דער פּראָדוקציע, די שרײַענדיקע ניט־

גלייכהייט אין דער פארטיילונג פונעם רייכטום, די אינדוסטריע־לע פארניכטונגס־מלחמה צווישן די נאציעס, די צעפאלונג פון די אלטע זיטן, פון די אלטע פאמיליען־פארהעלטענישן, פון די אלטע נאציאָנאליטעטן.

אָבער לויט זיין פּאָזיטיוון אינהאלט וויל אָט דער סאָציאַליזם אָדער צוריק אויפשטעלן די אלטע מיטלען פון פּראָדוקציע און אויסטויש און צוזאמען דערמיט אויך די אלטע אייגנטום־פאר־העלטענישן און די אלטע געזעלשאפט, אָדער ער וויל די מאָדער־נע מיטלען פון פּראָדוקציע און אויסטויש איבערגוואלד צוריק אריינשטופן אין די ראמען פון די אלטע אייגנטום־פארהעלטע־נישן, וועלכע זיינען דורך זיי אויפגעריסן געוואָרן און האָבן גע־מוזט אויפגעריסן ווערן. אין ביידע פאלן איז ער גלייכצייטיק אי רעאקציאָנער אי אוטאָפּיש.

צעכן־אָרגאניזאציע פון דער אינדוסטריע און פּאטריארכא־לע לאנדווירטשאפט — דאָס איז זיין לעצט וואָרט.

אין איר ווייטערדיקער אנטוויקלונג האָט זיך די דאָזיקע ריכטונג פארוואנדלט אין פּחדנישער קלאָגעריי*.

## ג) דער דייטשישער, אָדער דער „אמתער", סאָציאַליזם

די סאָציאַליסטישע און קאָמוניסטישע ליטעראטור פון פראנקרייך, וועלכע איז אנטשטאנען אונטערן דרוק פון דער הערשנדיקער בורזשואזיע און איז דער ליטעראַרישער אויס־דרוק פון דעם קאמף קעגן דער דאָזיקער הערשאפט, איז אריינ־געפירט געוואָרן קיין דייטשלאנד אין אזא צייט, ווען די בור־

* אין דער ענגלישער אויסגאבע פון 1888 י. איז אָנשטאָט די ווערטער: „אין איר ווייטערדיקער אנטוויקלונג האָט זיך די דאָזיקע ריכטונג פארוואנדלט אין פּח־דנישער קלאָגעריי" אָפּגעדרוקט: „סוף־כל־סוף, ווען די אומבאשטרייטבארע היס־טאָרישע פאקטן האָבן געצוואונגען יעטווידע שכּרון פון דער פארשיכורנדיקער ווירקונג פון אילוזיעס צו פארשווינדן, האָט זיך די דאָזיקע פאָרם פון סאָציאַליזם פארוואנדלט אין נעבעכדיקער קלאָגעריי".

זשוּאַזיע האָט דאָרטן ערשט אָנגעהויבן איר קאַמף קעגן דעם פעאָדאַלן אַבסאָלוטיזם.

דײַטשישע פילאָסאָפן, האַלב־פילאָסאָפן און ליבהאָבער פון שיינע פראַזן האָבן זיך מיט זשעדנעקײַט אַרויפגעוואָרפן אויף דער דאָזיקער ליטעראַטור און האָבן נאָר פאַרגעסן, אַז מיט דער אײַנוואַנדערונג פון אָט די ווערק פון פראַנקרײַך האָבן נאָך ניט אײַנגעוואַנדערט גלײַכצײַטיק קיין דײַטשלאַנד די פראַנצויזישע לעבנס־פאַרהעלטענישן. אין די דײַטשישע פאַרהעלטענישן האָט די פראַנצויזישע ליטעראַטור אָנגעוואָרן יעטווידע אוממיטלבאַר־פּראַקטישע באַדײַטונג און האָט באַקומען אַ ריין ליטעראַרישן אויסזען. זי האָט געמוזט באַקומען אַ פּנים פון אַ פּוסטער חקירה וועגן דער אמתער געזעלשאַפט*, וועגן דער פאַרווירקלעכונג פון דעם מענטשלעכן מהות. אַזוי־אַרום האָבן די פאָדערונגען פון דער ערשטער פראַנצויזישער רעוואָלוציע געהאַט פאַר די דײַטשישע פילאָסאָפן פון XVIII יאָרהונדערט אַ זין נאָר אַלס פאָדערונגען פון דער „פּראַקטישער פאַרנונפט“ בכלל, און די אַנטפּלעקונגען פונעם ווילן פון דער רעוואָלוציאָנערער פראַנצויזישער בורזשואַזיע האָבן אין זייערע אויגן געהאַט די באַדײַטונג פון געזעצן פונעם ריינעם ווילן, פון דעם ווילן, ווי ער דאַרף זײַן, פון דעם אמת־מענטשלעכן ווילן.

די גאַנצע אַרבעט פון די דײַטשישע ליטעראַטן איז באַשטאַנען אויסשליסלעך אין ברענגען די נײַע פראַנצויזישע אידייען אין אײַנקלאַנג מיט זייער אַלטן פילאָסאָפישן געוויסן אָדער, ריכטיקער געזאָגט, אין אָנאייגענען די פראַנצויזישע אידייען, אַרויס־גייענדיק פון דעם אייגענעם פילאָסאָפישן שטאַנדפּונקט.

---

* אין די ווײַטערדיקע אויסגאַבעס, אָנגעהויבן פון דער דײַטשישער אויסגאַבע פון 1872 יאָר, זײַנען די ווערטער: „וועגן דער אמתער געזעלשאַפט“ ניטאָ. ר ע ד.

די דאָזיקע אָנאייגענונג איז פאָרגעקומען אויפן זעלביקן אופן, ווי מען נעמט אויף בכלל א פרעמדע שפראך, דורך איבערזעצונג.

עס איז באוואוסט, ווי אזוי די מאָנאכן פלעגן אויף די מאַנוסקריפטן פון די קלאסישע ווערק פון דער אלטער געצנדינערישער צייט ארויפשרייבן אומגעלומפערטע לעבנס-געשיכטעס פון קאטוילישע הייליקע. די דייטשישע ליטעראטן זיינען זיך מיט דער וועלטלעכער פראנצויזישער ליטעראטור באגאנגען פונקט פארקערט. זייערע פילאָסאָפישע אבסורדן פלעגן זיי שרייבן אונטער דעם פראנצויזישן אָריגינאל. צום ביישפיל, אונטער דער פראנצויזישער קריטיק פון די געלט-פארהעלטעניש האָבן זיי געשריבן „די אנטאויסערונג פון דעם מענטשלעכן וועזן", אונטער דער פראנצויזישער קריטיק פון דער בורזשואזער מלוכה האָבן זיי געשריבן „די אָפּשאפונג פון דער הערשאפט פון דעם אבסטראקט-אלגעמיינעם" אאוו.

די דאָזיקע פילאָסאָפישע פראזעאָלאָגיע, וואָס זיי האָבן אָנגעגעבן אלס פראנצויזישע טעאָריעס, האָבן זיי א נאָמען געגעבן „פילאָסאָפיע פון טאט", „אמתער סאָציאליזם", „דייטשישע וויסנשאפט פונעם סאָציאליזם", „פילאָסאָפישע באגרינדונג פונעם סאָציאליזם" אאוו.

די פראנצויזישע סאָציאליסטיש-קאָמוניסטישע ליטעראטור איז אזוי-ארום ממש קאסטרירט געוואָרן. און אזוי ווי ביים דייטש אין די הענט האָט זי אויפגעהערט אויסצודריקן דעם קאמף פון איין קלאס קעגן דעם אנדערן, איז דער דייטש געווען זיכער, אז ער איז ביינגעקומען די „פראנצויזישע איינזייטיקייט", אז אָנשטאָט די אמתע באדערפענישן פארטיידיקט ער די באדערפעניש אין אמת, און אָנשטאָט די אינטערעסן פונעם פראָלעטאר-

יאַט — די אינטערעסן פון דעם מענטשלעכן מהות, פונעם מענ־
טשן בכלל, פון דעם מענטשן, וואָס געהערט ניט צו קיין שום
קלאַס, וואָס געהערט בכלל ניט צו דער ווירקלעכקייט, נאָר צו
דעם פארנעפלטן הימל פון דער פילאָסאָפישער פאַנטאַזיע.

אָט דער דײַטשישער סאָציאַליזם, וואָס האָט זיך אַזוי ערנסט
און פײַערלעך באַצויגן צו זײַנע אומבאהאָלפענע שול־איבונגען
און וואָס האָט זיי אַזוי מאַרק־שרײַעריש צעפּויקט, האָט ביסלעכ־
ווײַז פאַרלאָרן זײַן פּעדאַנטישע אומשולד.

דער קאַמף פון דער דײַטשישער, דער עיקר פון דער פּרײַסי־
שער, בורזשואַזיע קעגן די פעאָדאַלן און קעגן דער אַבסאָלוטער
מאָנאַרכיע, — מיט איין וואָרט, די ליבעראַלע באַוועגונג — איז
געוואָרן אַלץ ערנסטער.

דער „אמתער" סאָציאַליזם האָט אַזוי־אַרום געקראָגן די גע־
וואונטשענע געלעגנהייט קעגנצושטעלן דער פּאָליטישער באַווע־
גונג סאָציאַליסטישע פאָדערונגען, אַרײַנוואַרפן אין טראַדיציאָנעלן
חרם דעם ליבעראַליזם, די פאַרטרעטערשאַפט־מלוכה, די בורזשו־
אַזע קאָנקורענץ, די בורזשואַזע פרײַהייט פון פּרעסע, דאָס בור־
זשואַזע רעכט, די בורזשואַזע פרײַהייט און גלײַכהייט און פּריי־
דיקן פאַר דער פאָלקסמאַסע, אַז אין דער דאָזיקער בורזשואַזער
באַוועגונג קאָן זי גאָרנישט ניט געווינען, נאָר, פאַרקערט, אַלץ
פאַרשפּילן. דער דײַטשישער סאָציאַליזם האָט צו דער רעכטער
צײַט פאַרגעסן, אַז די פראַנצויזישע קריטיק, וואָס ער איז געווען
אירער אַ פּוסטער ווידערקול, האָט געהאַט אַלס פאָרהנחה די
מאָדערנע בורזשואַזע געזעלשאַפט מיט די אַנטשפּרעכיקע מאַ־
טעריעלע לעבנס־באַדינגונגען און מיט דער געהעריקער פּאָלי־
טישער קאָנסטיטוציע, דה. גראָד אַזעלכע פאָרהנחות, וואָס אין
דײַטשלאַנד האָט מען זיי ערשט געדאַרפט אויסקעמפן.

פאַר די דײַטשישע אבסאָלוטע רעגירונגען מיט זייער כנופיה גלחים, שול-משגיחים, פאַרשמאָלצענע יונקערס און ביוראָקראַטן האָט ער געדינט אלס געוואונטשענע סטראַשידלע קעגן דער בורזשואַזיע, וואָס האָט דראָענדיק אָנגעהויבן גיין באַרג-אַרויף.

ער איז געווען א זיסלעכע דערגאַנצונג צו די ביטערע בײַטש-שמיצן און ביקסן-קוילן, מיט וועלכע די זעלביקע רעגירונגען האָבן געענטפערט אויף די אויפשטאַנדן פון די דײַטשישע אַרבעטער.

חוץ דעם, וואָס דער „אמתער" סאָציאַליזם איז אַזוי-אַרום געוואָרן א געווער אין די הענט פון די רעגירונגען קעגן דער דײַטשישער בורזשואַזיע, האָט ער אוממיטלבאַר אויך אויסגעדריקט רעאַקציאָנערע אינטערעסן, די אינטערעסן פונעם דײַטשישן קליינבירגערטום*. דאָס קליינבירגערטום, וואָס איז פאַרבליבן בירושה נאָך פון XVI יאָרהונדערט און וואָס זינט דאַן שווימט עס כסדר פונדאָסנײַ אַרויף אין פאַרשיידענע פאָרמען, בילדעט אין דײַטשלאַנד דעםווירקלעכן געזעלשאַפטלעכן פונדאַמענט פון דער עקזיסטירנדיקער אָרדענונג.

אײַנהיטן דאָס קליינבירגערטום הייסט אײַנהיטן די עקזיסטירנדיקע אָרדענונג אין דײַטשלאַנד. אין דער אינדוסטריעלער און פּאָליטישער הערשאַפט פון דער בורזשואַזיע זעט עס מיט מורא זײַן זיכערן טויט, — פון איין זײַט, מחמת דער קאָנצענטראַציע פונעם קאַפּיטאַל, פון דער אַנדערער זײַט, מחמת דעם אויפקום פון א רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט. דער „אמתער" סאָציאַליזם, האָט זיך אים געדוכט, דערשיסט צוויי האָזן מיט

---

* אין דער ענגלישער אויסגאַבע פון 1888 י. ווערן אינעם אָפּטייל וועגן „אמתן" סאָציאַליזם אָנשטאָט דעם אויסדרוק: „דײַטשישער קליינבירגערטום", „דײַטשישער קליינבירגער" געבּרויכט די אויסדרוקן: „דײַטשישע פיליסטערס", „דײַטשישער קליינבירגערלעכער פיליסטער". ר ע ד.

איין מאָל. האָט זיך דער „אמתער" סאָציאַליזם פארשפרייט ווי א מגפה.

דער שלייער, וואָס איז אויסגעוועבט פון חקירה־שפינוועבס, אויסגעהאפט מיט משונהדיקע בלומען פון רעטאָריק, דורכגע־ווייקט מיט טרערן פון צעקראָכענער זיסהארציקייט, אָט דער מיסטישער שלייער, אין וועלכן די דייטשישע סאָציאַליסטן האָבן איינגעהילט זייערע עטלעכע מאָגערע „אייביקע אמתן", האָט נאָר פארגרעסערט דעם אָפּזאץ פון זייער סחורה ביי דעם דאָזיקן עולם.

דער דייטשישער סאָציאַליזם ווידער האָט אלץ מער באנו־מען זיין בארוף צו זיין דער מליצהדיקער פאָרשטייער פון אָט דעם קליינבירגערטום.

ער האָט פּראָקלאמירט די דייטשישע נאציע אלס מוסטער פון א נאציע, און דעם דייטשישן פיליסטער אלס מוסטער פון א מענטשן. יעדער נידערטרעכטיקייט פון אָט דעם פיליסטער האָט ער צוגעגעבן א פארבאָרגענעם, העכערן, סאָציאַליסטישן זין, אזוי אז זי האָט שוין באטייט פונקט דעם היפוך. ער האָט זיך ארויסגעוויזן קאָנסעקווענט ביזן סוף, ווען ער איז ארויסגעטראָטן דירעקט קעגן דער „ברוטאל־צעשטערנדיקער" ריכטונג פון קאָ־מוניזם און האָט פּראָקלאמירט זיין אייגענע אומפּארטייאישע דער־הויבנקייט איבער יעטווידן קלאסן־קאמף. כמעט אלץ, וואָס עס צירקולירט אין דייטשלאנד אלס כלומרשט סאָציאַליסטישע און קאָמוניסטישע ווערק, געהערט, מיט זייער קליינע אויסנא־מען, צו אָט דער שמוציקער, פארדארבנדיקער ליטעראטור [1].

[1] דער רעוואָלוציאָנערער שטורעם פון 1848 יאָר האָט די דאָזיקע מנולדיקע ריכטונג אינגאנצן אויסגעראמט און האָט אָפּגעשלאָגן בא אירע טרעגער דעם חשק ווייטער צו ספּעקולירן מיט סאָציאַליזם. דער הויפּט־פאָרשטייער און קלאסישער טיפּ פון דער דאָזיקער ריכטונג איז דער ה' קארל גרין. (ענגעלסעס אן אָנמערקונג צו דער דייטשישער אויסגאבע פון 1890 יאָר.)

## 2) דער קאָנסערוואַטיווער,
## אָדער בורזשואַזער, סאָציאַליזם

א טייל פון דער בורזשואַזיע וואָלט וועלן אויסהיילן די סאָציאַלע חלאתן, כדי צו זיכערן די עקזיסטענץ פון דער בורזשואַזער געזעלשאַפט.

אהער געהערן: עקאָנאָמיסטן, פילאַנטראָפּן, בעלי־טובות, פאַרבעסערער פון דער לאַגע פון די אַרבעטנדיקע קלאַסן, אָרגאַניזאַטאָרן פון צדקה־חברות, צער־בעלי־חיימניקעס, גרינדער פון געזעלשאַפטן פון קאַמף קעגן אַלקאָהאָליזם, רעפאָרמאַטאָרלעך מכל המינים. דער דאָזיקער בורזשואַזער סאָציאַליזם איז אפילו פאַנאַנדערגעאַרבעט געוואָרן אין גאַנצע סיסטעמען.

אַלס בייַשפּיל וועלן מיר ברענגען פּרודאָנס „פילאָסאָפיע פון דלות“.

די סאָציאַליסטישע בורזשואַ ווילן האָבן די לעבנס־באַדינגונגען פון דער מאָדערנער געזעלשאַפט, נאָר אָן דעם קאַמף און די געפאַרן, וואָס דרינגען פון זיי נויטווענדיק אַרויס. זיי ווילן האָבן די עקזיסטירנדיקע געזעלשאַפט אָן די עלעמענטן, וואָס רעוואָלוציאָניזירן און צעשטערן זי. זיי ווילן האָבן די בורזשואַזיע אָן דעם פּראָלעטאַריאַט. די וועלט, וואו די בורזשואַזיע הערשט, שטעלט זיך איר, נאַטירלעך, פאָר אַלס די בעסטע וועלט. דער בורזשואַזער סאָציאַליזם אַרבעט פאַנאַנדער די דאָזיקע טרייסטנדיקע פאָרשטעלונג אין א האַלבער אָדער גאַנצער סיסטעם. ווען ער רופט דעם פּראָלעטאַריאַט צו פאַרווירקלעכן זיין סיסטעם און אַרייַנטרעטן אין דעם נייַעם ירושלים, וויל ער, אין תוך גענומען, בלויז, אַז דער פּראָלעטאַריאַט זאָל בלייַבן אין דער איצטיקער געזעלשאַפט, אָבער ער זאָל אָפּוואַרפן זייַנע פאָרשטעלונגען וועגן איר, ווי וועגן א פאַרהאַסטער זאַך.

א צווייטע, ווייניקער סיסטעמאטישע, נאָר מער פּראקטישע פאָרם פון דעם דאָזיקן סאָציאליזם האָט געשטרעבט אָפּצושלאָגן ביַים ארבעטער-קלאס דעם חשק צו יעטווידער רעוואָלוציאָנערער באוועגונג, באמיִענדיק זיך צו דערוויַיזן, אז ניט די אָדער יענע פּאָליטישע פארענדערונג, נאָר בלויז א פארענדערונג פון די מאַטעריעלע לעבנס-פארהעלטענישן, פון די עקאָנאָמישע פארהעלטענישן קאָן אים ברענגען נוצן. אונטער פארענדערונג פון די מאטעריעלע לעבנס-פארהעלטענישן פארשטייט אָבער דער דאָזיקער סאָציאליזם בשום-אופן ניט די פארניכטונג פון די בורזשואזע פּראָדוציר-פארהעלטענישן, א זאך, וואָס איז מעגלעך נאָר אויף א רעוואָלוציאָנערן וועג, נאָר אדמיניסטראטיווע פארבעסערונגען, וואָס ווערן דורכגעפירט אויפן באָדן פון די דאָזיקע פּראָדוציר-פארהעלטענישן, וואָס ענדערן אזוי-ארום גאָרניט אין די פארהעלטענישן צווישן קאפּיטאל און לוין-ארבעט, נאָר אין בעסטן פאל פארקלענערן זיי דער בורזשואזיע די קאָסטן פון איר הערשאפט און פאראיינפאכן איר מלוכה-ווירטשאפט.

זיַין אנטשפּרעכיקן אויסדרוק דערגרייכט דער בורזשואזער סאָציאליזם ערשט דאן, ווען ער ווערט הוילע מליצה.

פריַיער האנדל! אין די אינטערעסן פונעם ארבעטער-קלאס; שוץ-טאריפן! אין די אינטערעסן פונעם ארבעטער-קלאס; איינצלקאמערן אין די תפיסות! אין די אינטערעסן פונעם ארבעטער-קלאס, — דאָס איז דאָס לעצטע, דאָס איינציקע ערנסט געמיינטע וואָרט פונעם בורזשואזן סאָציאליזם.

דער סאָציאליזם פון דער בורזשואזיע באשטייט גראָד אין דער באהויפּטונג, אז די בורזשואַ זיַינען בורזשואַ — אין די אינטערעסן פונעם ארבעטער-קלאס.

## 3) דער קריטיש־אוטאָפּישער סאָציאַליזם און קאָמוניזם

מירריידן דאָ ניט וועגן דער ליטעראַטור, וואָס האָט אין אַלע גרויסע רעוואָלוציעס פון דער נייַער צייַט אויסגעדריקט די פאָדערונגען פון דעם פּראָלעטאַריאַט (די ווערק פון באַבעף אאַוו.).

די ערשטע פּרוּוון פונעם פּראָלעטאַריאַט צו פאַרווירקלעכן דירעקט זייַנע אייגענע קלאַסן־אינטערעסן אין אַ צייַט פון אַלגעמיינער אויפגערודערטקייַט, אינעם פּעריאָד פון אַראָפּוואַרפן די פעאָדאַלע געזעלשאַפט, האָבן געמוזט דורכפאַלן מחמת דער ניט־אַנטוויקלטקייַט פונעם פּראָלעטאַריאַט גופא און אויך מחמת דעם, וואָס עס האָבן געפעלט די מאַטעריעלע באַדינגונגען פאַר זייַן באַפרייַאונג, וועלכע אַנטשטייען ערשט אַלס פּראָדוקט פון דער בורזשואַזער עפּאָכע. די רעוואָלוציאָנערע ליטעראַטור, וואָס האָט באַגלייט די דאָזיקע ערשטע באַוועגונגען פונעם פּראָלעטאַריאַט, איז לויט איר אינהאַלט אומפאַרמייַדלעך רעאַקציאָנער. זי פּריידיקט אַלגעמיינעם אַסקעטיזם און פּרימיטיווע גלייַכמאַכערייַ.

די אייגנטלעך סאָציאַליסטישע און קאָמוניסטישע סיסטעמען, די סיסטעמען פון סען־סימאָן, פוריע, אָוען אאַוו., אַנטשטייען אין דעם ערשטן, ניט אַנטוויקלטן פּעריאָד פון קאַמף צווישן דעם פּראָלעטאַריאַט און דער בורזשואַזיע, וועלכן מיר האָבן פריִער געשילדערט (זע „בורזשואַזיע און פּראָלעטאַריאַט“).

די דערפינדער פון די דאָזיקע סיסטעמען זעען, אמת, דעם קעגנזאַץ צווישן די קלאַסן, ווי אויך די ווירקונג פון די צעשטערנדיקע עלעמענטן אין דער הערשנדיקער געזעלשאַפט גופא. זיי זעען אָבער ניט בייַם פּראָלעטאַריאַט קיין שום היסטאָרישע זעלבסט־

טעטיקײַט, קיין שום פּאָליטישע באַוועגונג, וואָס זאָל אים זײַן אייגנטימלעך.

אזוי ווי די אנטוויקלונג פונעם קלאסן־אנטאגאָניזם גייט שריט בײַ שריט מיט דער אנטוויקלונג פון דער אינדוסטריע, קאָנען זיי אויך ניט געפינען קיין מאטעריעלע באדינגונגען פאר דער באפרײַאונג פונעם פּראָלעטאריאט און זיי זוכן א סאָציאַלע וויסנ־שאפט, סאָציאַלע געזעצן, וועלכע זאָלן די דאָזיקע באדינגונגען שאפן.

אָנשטאָט דער געזעלשאפטלעכער טעטיקײַט מוז קומען זיי־ער פּערזענלעכע דערפינדערישע טעטיקײַט, אָנשטאָט די היסטאָ־רישע באדינגונגען פון דער באפרײַאונג — פאנטאסטישע, אָנ־שטאָט דער בהדרגה פאָראויסגייענדיקער אָרגאניזירונג פונעם פּראָלעטאריאט אין א קלאס — אן אייגענע אויסגעטראכטע אָרגאניזאציע פון דער געזעלשאפט. די קומענדיקע וועלט־געשיכ־טע באשטייט פאר זיי אין דער פּראָפּאגאנדע און אין דער פּראַק־טישער פארווירקלעכונג פון זייערע געזעלשאפטלעכע פּלענער.

זיי באנעמען, אמת, אז אין זייערע פּלענער פארטיידיקן זיי דער עיקר די אינטערעסן פונעם ארבעטער־קלאס אלס דעם סא־מע לײַדנדיקן קלאס. בלויז אלס דער סאמע לײַדנדיקער קלאס עקזיסטירט טאקע פאר זיי דער פּראָלעטאריאט.

די ניט־אנטוויקלטע פאָרם פון קלאסן־קאמף, ווי אויך זייער אייגענע לעבנס־לאגע ברענגען אָבער דערצו, זיי זאָלן האלטן, אז זיי שטייען פיל העכער איבער דעם דאָזיקן קלאסן־אנטאגאָ־ניזם. זיי ווילן פארבעסערן די לאגע פון אלע מיטגלידער פון דער געזעלשאפט, אפילו פון די, וואָס לעבן אמבעסטן. דעריבער אפּע־לירן זיי אלעמאָל צו דער גאנצער געזעלשאפט אָן אונטערשייד, און אפילו גערנער צום הערשנדיקן קלאס. זיי מיינען, אז ס'איז

**РУССКАЯ СОЦІАЛЬНО-РЕВОЛЮЦІОННАЯ БИБЛІОТЕКА**
*Книга Третья*



# МАНИФЕСТЪ
## КОММУНИСТИЧЕСКОЙ ПАРТІИ

**Карла Маркса и Фр. Энгельса**



ПЕРЕВОДЪ СЪ НѢМЕЦКАГО ИЗДАНІЯ 1872.

Съ предисловіемъ авторовъ




**ЖЕНЕВА**
**Вольная Русская Типографія.**

1882


דער טיטלבלאט פון דער רוסישער אויסגאבע
פון „מאניפעסט פון דער קאָמוניסטישער פארטיי".

געגוג, מען זאָל נאָר פארשטיין זייער סיסטעם, כדי צו אָנערקע־נען זי פאר דעם סאמע בעסטן פלאן פון דער סאמע בעסטער געזעלשאפט.

זיי ווארפן דעריבער אָפּ יעדע פּאָליטישע, באזונדערס יעדע רעוואָלוציאָנערע, אקציע; זיי ווילן דערגרייכן זייער ציל אויף א פרידלעכן וועג און זיי פרואוון דורך קליינע און, פארשטייט זיך, ניט־געלונגענע עקספּערימענטן, דורך דער קראפט פון א בײַשפּיל דורכברעכן א וועג פאר דער נײַער געזעלשאפטלעכער עוואנגעליע.

די דאָזיקע פאנטאסטישע שילדערונג פון דער צוקינפטיקער געזעלשאפט קומט אויף אין אזא צײַט, ווען דער פּראָלעטאריאט איז נאָך ביז גאָר אומאנטוויקלט, אזוי אז ער אליין באנעמט נאָך פאנטאסטיש זײַן אייגענע לאגע, זי קומט אויף פון זײַן ערשטן דראנג צו אן אלגעמיינער איבערגעשטאלטונג פון דער געזעל־שאפט, א דראנג, פול מיט פאָרגעפילן.

אין די דאָזיקע סאָציאַליסטישע און קאָמוניסטישע ווערק זײַנען אָבער פאראן אויך קריטישע עלעמענטן. זיי פאלן אָן אויף אלע יסודות פון דער עקזיסטירנדיקער געזעלשאפט. זיי האָבן דעריבער געגעבן א העכסט ווערטפולן מאטעריאל פאר דער אויפקלערונג פון די ארבעטער. זייערע פּאָזיטיווע הנחות וועגן דער צוקינפטיקער געזעלשאפט, צום בײַשפּיל, די פארניכטונג פונעם קעגנזאץ צווישן שטאָט און דאָרף, פון דער פאמיליע, פון דער פּריוואטער בארײַכערונג, פון דער לוין־ארבעט, די פּראָקלאמירונג פון געזעלשאפטלעכער הארמאָניע, די פארוואנד־לונג פון דער מלוכה אין א פּשוטער פארוואלטונג מיט דער פּראָדוקציע, — אָט די אלע הנחות זייערע דריקן בלויז אוים די נייטיקײַט צו באזײַטיקן דעם קלאסן־קעגנזאץ, וואָס האָט

זיך דאן ערשט אָנגעהויבן צו אנטוויקלען און איז זיי געווען באַ־קאנט נאָר אין זיין אָנפאנגלעכער פאָרמלאָזער אומבאשטימט־קייט. דעריבער האָבן נאָך די דאָזיקע הנחות גופא א ריין אוטאָ־פישן זין.

די באדייטונג פונעם קריטיש־אוטאָפישן סאָציאליזם און קאָ־מוניזם שטייט אין א פארקערטער פארהעלטעניש צו דער הי־סטאָרישער אנטוויקלונג. אין דער זעלבער מאָס, אין וועלכער עס אנטוויקלט זיך און עס פורעמט זיך אויס דער קלאסן־קאמף, פארלירט די דאָזיקע פאנטאסטישע שטרעבונג צו שטעלן זיך איבערן קלאסן־קאמף, די פאנטאסטישע שטרעבונג צו באקעמפן אים יעטווידן פראקטישן ווערט, יעטווידע טעאָרעטישע באַ־רעכטיקונג. דעריבער, איז כאָטש די גרינדער פון די דאָזיקע סיסטעמען זיינען אין פיל הינזיכטן געווען רעוואָלוציאָנער, בילדן דאָך זייערע שילער יעדעס מאָל רעאקציאָנערע סעקטעס. זיי האלטן זיך פעסט ביי די אלטע אָנשויאונגען פון זייערע לע־רער, ניט געקוקט אויף דער ווייטערדיקער היסטאָרישער אנט־וויקלונג פונעם פראָלעטאריאט. זיי שטרעבן דעריבער קאָנסעק־ווענט ווידעראמאָל אָפצושטומפן דעם קלאסן־קאמף און אויסצו־גלייכן די קעגנזאצן. זיי טרוימען נאָך אלץ עקספערימענ־טאל צו פארווירקלעכן זייערע געזעלשאפטלעכע אוטאָפיעס, וועגן גרינדן באזונדערע פאלאנסטערן, וועגן גרינדן ביי זיך אין לאנד קאָלאָניעס [„Home-colonies“], וועגן אויסבויען א קליינע איקאריע[1], — א טאשן־אויסגאבע פון א נייעם ירושלים, —

---

[1] פאלאנסטערן האָבן זיך גערופן די סאָציאליסטישע קאָלאָניעס, וועלכע עס האָט פראָיעקטירט פוריע; איקאריע האָט קאבע א נאָמען געגעבן זיין אוטאָפיש לאנד, און דערנאָך זיין קאָמוניסטישע קאָלאָניע אין אמעריקע. (ענגעלסעס אן אָנ־מערקונג צו דער ענגלישער אויסגאבע פון 1888 יאָר.)
Home-colonies (קאָלאָניעס אינווייניק אין לאנד) — אזוי האָט אָוען אָנגערופן זיינע קאָמוניסטישע מוסטער־געזעלשאפטן. פאלאנסטערן האָבן זיך גערופן די געזעל־

און כדי אויפצובויען אָט די אלע לופט־שלעסער, זײַנען זיי געצוואונגען צו אפּעלירן צו דער פילאנטראָפּיע פון די בורזשואזע הערצער און געלט־זעק. ביסלעכווײַז לאָזן זיי זיך אראָפּ אין דער קאטעגאָריע פון די אויבן געשילדערטע רעאקציאָנערע אָדער קאָנסערוואטיווע סאָציאליסטן און שיידן זיך אונטער פון זיי נאָר מיט א נאָך מער סיסטעמאטישער פּעדאנטישקײַט, מיט פאנאטישן אָבערגלויבן אין דער וואונדער־קראפט פון זייער סאָציאלער וויסנשאפט.

אָט דעריבער טרעטן זיי ארויס מיט פארביטערונג קעגן יעדער פּאָליטישער באוועגונג פון די ארבעטער, וואָס קאָן זיך נעמען, לויט זייער מיינונג, נאָר פון דעם בלינדן אומגלויבן אין דער נײַער עוואנגעליע.

די אָוועניסטן אין ענגלאנד טרעטן ארויס קעגן די טשארטיסטן, די פוריעריסטן אין פראנקרײַך — קעגן די רעפאָרמיסטן*.

---

שאפטלעכע פּאלאצן, וועלכע עס האָט פּראָיעקטירט פוריע. איקאריע האָט געהייסן דאָס אוטאָפּיש־פאנטאסטישע לאנד, וואָס זײַנע קאָמוניסטישע אײַנריכטונגען האָט געשילדערט קאבע (ענגעלסעס אן אָנמערקונג צו דער דײַטשישער אויסגאבע פון 1890 יאָר.)

* עס האנדלט זיך וועגן די אָנהענגער פון דער צײַטונג „La Réforme“ („רעפאָרם“), דער אָרגאן פון דער „סאָציאליסטיש־דעמאָקראטישער“ פארטיי. רעד.

## IV

# די באַציאונג פון די קאָמוניסטן צו די פאַרשיידענע אָפּאָזיציאָנעלע פּאַרטייען

פונעם אָפּטייל II קאָן מען שוין פאַרשטיין, ווי אַזוי די קאָמוניסטן באַציִען זיך צו די שוין געשאַפענע אַרבעטער-פּאַרטייען, נעמלעך, צו די טשאַרטיסטן אין ענגלאַנד און צו די אָנהענגער פון אַגראַר-רעפאָרמען אין צפון-אַמעריקע.

די קאָמוניסטן קעמפן פאַר דער דערגרייכונג פון די נאָענטסטע צילן און אינטערעסן פונעם אַרבעטער-קלאַס, אָבער אין דער הײַנטיקער באַוועגונג פאַרטיידיקן זיי גלײַכצײַטיק אויך די צוקונפט פון דער באַוועגונג. אין פראַנקרײַך שליסן זיך אָן די קאָמוניסטן אָן דער סאָציאַליסטיש-דעמאָקראַטישער פּאַרטיי[1] קעגן דער קאָנסערוואַטיווער און ראַדיקאַלער בורזשואַזיע, זיי

[1] די דאָזיקע פּאַרטיי איז דעמאָלט געווען פאַרטראָטן אין פּאַרלאַמענט דורך לעדריו-ראָלען, אין דער ליטעראַטור — דורך לוי בלאַן, אין דער טעגלעכער פּרעסע — דורך דער צײַטונג „La Réforme“. דער נאָמען — סאָציאַליסטיש-דעמאָקראַטישע —

זאָגן זיך אָבער פונדעסטוועגן ניט אָפּ פונעם רעכט צו באַציִען זיך קריטיש צו די פראַזעס און אילוזיעס, וואָס שטאַמען פון דער רעוואָלוציאָנערער טראַדיציע.

אין דער שווייץ שטיצן זיי די ראַדיקאַלן, האָבנדיק דערבײַ אין זינען, אַז די דאָזיקע פּאַרטיי באַשטייט פון ווידערשפּרעכיקע עלעמענטן, טיילווײַז פון דעמאָקראַטישע סאָציאַליסטן אינעם פראַנצויזישן זין, טיילווײַז פון ראַדיקאַלע בורזשואַ.

צווישן די פּאָליאַקן שטיצן די קאָמוניסטן די פּאַרטיי, וואָס שטעלט אַרויס די אַגראַרע רעוואָלוציע אַלס באַדינג פאַר דער נאַציאָנאַלער באַפרײַאונג, די זעלבע פּאַרטיי, וועלכע האָט אַרויסגערופן דעם קראָקער אויפשטאַנד פונעם 1846 יאָר.

אין דײַטשלאַנד, אויב נאָר די בורזשואַזיע טרעט אַרויס רעוואָלוציאָנער, קעמפן די קאָמוניסטישע פּאַרטיי אינאיינעם מיט דער בורזשואַזיע קעגן דער אַבסאָלוטער מאָנאַרכיע, קעגן דעם פעאָדאַלן ערד-אייגנטום און קעגן דעם רעאַקציאָנערן קליינבירגערטום.

זי הערט אָבער אויף קיין איין מאָמענט ניט אויף אויסצואַרבעטן בײַ די אַרבעטער א ווי ווײַט נאָר מעגלעך קלאָרן באַוואוסטזײַן וועגן דעם פײַנטלעכן קעגנזאַץ צווישן דער בורזשואַזיע און דעם פּראָלעטאַריאַט, כדי די דײַטשישע אַרבעטער

---

האָט באַטײַט, אַז דער דאָזיקער טייל פון דער דעמאָקראַטישער אָדער רעפּובליקאַנישער פּאַרטיי, פּונקט ווי די אויטאָרן פון דעם דאָזיקן נאָמען, איז מער אָדער ווייניקער געווען באַפאַרבט אין א סאָציאַליסטישן קאָליר. (ענגעלסעס אָנמערקונג צו דער ענגלישער אויסגאַבע פון 1888 יאָר.)

די פּאַרטיי, וואָס האָט זיך דעמאָלט אין פראַנקרײַך גערופן סאָציאַליסטיש-דעמאָקראַטישע, איז אינעם פּאָליטישן לעבן געווען פאָרטראָטן דורך לעדריו-ראָלען, אין דער ליטעראַטור — דורך לוי בלאַן; אַזוי אַז זי האָט זיך אונטערשיידט פון דער הײַנטיקער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, ווי דער הימל פון דער ערד. (ענגעלסעס אָנמערקונג צו דער דײַטשישער אויסגאַבע פון 1890 יאָר.)

זאָלן קאָנען תיכּף אויסנוצן די געזעלשאַפטלעכע און פּאָליטישע באַדינגונגען, וועלכע די הערשאַפט פון דער בורזשואזיע מוז מיטברענגען, אלס געווער קעגן דער בורזשואזיע, כּדי נאָכן אראָפּוואַרפן די רעאַקציאָנערע קלאַסן אין דייטשלאַנד זאָל זיך תיכּף אָנהייבן דער קאַמף קעגן דער בורזשואזיע גופא.

אויף דייטשלאַנד ווענדן די קאָמוניסטן זייער הויפּט-אויפמערקזאַמקייט, ווייל דייטשלאַנד שטייט ערב א בורזשואזער רעוואָלוציע און ווייל דייטשלאַנד וועט די דאָזיקע איבערקערעניש דורכמאַכן ביי מער פּראָגרעסיווע באַדינגונגען פון דער אייראָפּעישער ציוויליזאַציע בכלל און מיט א פיל מער אַנטוויקלטן פּראָלעטאַריאַט איידער ענגלאַנד אין XVII און פראַנקרייך אין XVIII יאָרהונדערט. די דייטשישע בורזשואזע רעוואָלוציע קאָן, אלזאָ, זיין נאָר די אומיטלבאַרע פאָרשפּיל פון א פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע.

מיט איין וואָרט, די קאָמוניסטן שטיצן אומעטום יעטווידע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג קעגן דער עקזיסטירנדיקער געזעלשאַפטלעכער און פּאָליטישער אָרדענונג.

אין אָט די אלע באַוועגונגען שטעלן זיי אַרויס אויפן ערשטן אָרט די פראַגע וועגן אייגנטום אלס גרונט-פראַגע פון דער באַוועגונג, אומאָפּהענגיק דערפון, צי האָט די פראַגע אָנגענומען א מער אָדער ווייניקער אַנטוויקלטע פאָרם.

די קאָמוניסטן זענען, ענדלעך, אומעטום צו שאַפן א פאַרבינדונג און א פאַרשטענדיקונג צווישן די דעמאָקראַטישע פּאַרטייען פון אלע לענדער.

די קאָמוניסטן האַלטן פאַר שענדלעך צו באַהאַלטן זייערע מיינונגען און כוונות. זיי דערקלערן אָפן, אז זייערע צילן קאָנען דערגרייכט ווערן נאָר דורך אראָפּוואַרפן איבערגוואַלד די גאַנ-

צע עקזיסטירנדיקע געזעלשאפטלעכע אָרדענונג. זאָלן די הער־
שנדיקע קלאסן ציטערן פאר א קאָמוניסטישער רעוואָלוציע.
די פראָלעטאריער האָבן ניט וואָס צו פארלירן אין איר, א חוץ
זייערע קייטן. געווינען אָבער וועלן זיי די גאנצע וועלט.

**פראָלעטאריער פון אלע לענדער, פאראייניקט זיך!**

# אינהאלט



## מאניפעסט פון דער קאָמוניסטישער פארטיי

## אילוסטראַציעס

זײַט



К. МАРКС и Ф. ЭНГЕЛЬС

# МАНИФЕСТ КОММУНИСТИЧЕСКОЙ ПАРТИИ

**(на еврейском яз.)**

**Подписано к печати 17/IV-48 г. Б 00219. Печ. л. 7,25. Уч.-изд. л. 6,58. Формат бумаги 82x108/32. Тир. 5.000. экз. Зак. 197. Цена 2 р.**

**Набрано в типографии Госиздат. „Дер Эмес", Москва, Старопанский пер., 1. Отпечатано в 3-й типогр. „Красный Пролетарий", Треста „Полиграфкнига" ОГИЗ'а при Совете Министров СССР, Москва, Краснопролетарская, 16.**